אליקום צונזער



# אלע ווערק

אין דריי בענד

—

צווייטער באנד.



אבא קאצענעלענבויגען

ניו יארק, 1920

# אינהאַלט:

זייט

# הקדמה.

קיין איינציגע געשיכטע, פון אונזער הייליגען תנ"ך האט אזא איינדרוק ניט געמאכט און איז נאך ניט אזוי באקאנט דעם פעבעל פון אונזערע אידען ווי די געשיכטע פון מ כ י ר ת  י ו ס ף. און דאך, ווער עס וויל פאר אונזערע אידען די געשיכטע אלס א ריינע דראמע פארשטעלען, פארצאמען אייניגע קשיות די וועג פאר דעם שרייבער וועלכער וויל פון קבלת חכמים ניט אפטרעטען. 1) ווי מיר געפינען אז יהודה איז געגאנגען שערען זיינע שאף, נו געווים האבען די איבעריגע ברידער אויך געהאט פיעל שאף און רינדער. זאלען זיי זיך מתקנא זיין אויף א העמדעל וואס דער פאטער האט יוסף'ן אנגעטהאן? עס טרעפט היינט דאס רוב אז א פאטער מאכט א קינד א בגד און דעם צווייטען ניט, פון דעסטוועגען הרג'עט מען זיך ניט אויף טויט. בפרט יעקב אבינו'ס קינדער, די הייליגע שבטים, רייכע מענשען, און פון 20 ביז 25 יאהר, זאלען זיי וועלען שלאגען צום טויט א ברודער פאר א העמדעל? אויב ווידער די קנאה איז ניט געוועזן פאר די העמדעל, נאר ווייל דער פאטער האט איהם געליעבט מעהר פון זיי, און דעריבער האט ער איהם די העמדעל גענגעבען. אויב אזוי, איז דאך דער פאטער שולדיג וואס ער ליעבט איהם, אבער ניט יוסף וואס איהם ליעבט מען, וואס האט יוסף געקענט מאכען, אז זליכה האט איהם געליעבט? אויב ווידער פאר די חלומות האבען זיי דאך געדארפט וויסען אז אזעלכע חלומות איז פון גאט, אזוי ווי עס איז טאקע באמת דערנאך מקוים געווארען, און ניט וועלען איהם טויט שלאגען דערפאר? די רכילות, איז דאך ממה נפשך קשה, איז די רכילות געוועזן שקר, טו ווי האט עס יוסף הצדיק געבראכט פאלשע רכילות? איז ווידער געוועזן אמת, טו וואס האבען זיי צו יוסף'ן? האט יוסף ניט ריכטיג געזעהן, טו ווי האט יעקב ניט אויסגעפרעגט אלעם בפרט אז ער זאל וויסען אויב דאס איז רעכט אדער אונרעכט? — 2) מיר געפינען אין די דברי הימים אז יעקב האט איבערגעגעבען די בכורה יוסף'ן איז קשה וואס איז געוועזן די בכורה פאר אזוי א גרויסע זאך אז צוליעב איהר איז ארויסגעקומען אזוי פיעל קילקולים? אויב צו נעהמען צוויי חלקים ירושה. עקסעסטירט דאך נאך היינט אויך אין פיעל ערטער ביי אידען. פונדעסטוועגען קומט

גאר ניט ארויס אזעלכע סבות און שנאות ווי מיר געפינען ביי יצחק מיט ישמעאל'ן, ביי יעקב מיט עשו'ן. ביי יוסף מיט די ברידער, און אלע צו־ ליעב די בכורה? 3) ווארום האט יוסף פון מצרים ניט אנגעזאגט צום פא־ טער אז ער לעבט? פאר וואס האט ער איהם געלאזען אזוי פיעל טרויערען? לאז שוין זיין אז די צייט וואס ער איז געווען ביי פוטיפר'ן האט ער ניט גע־ קענט אנזאגען און אזוי אויך די צייט, וואס ער איז אין תפיסה געזעסען. אבער די 9 יאהר וואס ער איז געווען וויצע קעניג, דאמאלס האט ער דאך גע־ קענט א שקאדראן סאלדאטען שיקען צום פאטער און אנזאגען, אז ער לעבט? בפרט עס איז גאר ניט אזוי ווייט, די ברידער האבען זיך מיט משא אין א קורצע צייט געקערט צוויי מאל אהין און צוריק, נאך מעהר, אז ער האט א זוהן געבארען גיט ער איהם א נאמען מנשה, און זאגט כי נשני אלהים את כל עמלי ואת כל בית אבי, דאס טהוט א טרייער זוהן? ער דאנקט גאט, אז ער האט זיך אן טאטען פערגעסען, אזוי א פאטער, וואס לערענט מיט איהם תורה און חכמה, וואס ליעבט איהם מעהר פון אלע קינדער, מיט אמאל איז ער א משנה למלך און לאזט דעם פאטער טרויערען? נאך מעהר, אז די ברידער קומען שוין צו איהם אין מצרים, זאג איהם דאמאלס אן, נייז, פער־ האלט ער נאך ביי זיך שמעונ'ען און הייסט ברייננגען בנימינ'ן, ביז דער פאטער שרייט פון צרות, יוסף איז ניטא, און שמעון איז ניטא, און יעצט בנימין? דער ענטפערט די גמרא'ס תירוץ „אז די ברידער האבען געמאכט א חרם אז מען זאל דעם פאטער ניט אויסזאגען", זיי האבען דאך אבער יוסף'ן ניט אריינגענומען אין חרם, האט ער דאך געמעגט אנזאגען צום פא־ טער? בפרט סוף כל סוף האט ער דאך פארט אנגעזאגט, און יעקב האט שוין דערנאך געוואוסט אז די ברידער האבען איהם פערקויפט? — דער ווידער ענטפערט, אז יוסף האט געמוזט שווייגען כדי עס זאל מקוים ווערען די חלומות" דאס איז אבער אויך קיין תירוץ ניט, דען אז די חלומות זאלען מקוים ווערען, איז בעלאנגען אן גאט, און יוסף אלס מענש נאר דארף ניט לאזען א פאטער טרויערען 22 יאהר? גאט האט געזאגט אברהם'ן אז זיינע קינדער וועלען דינען אין דער פרעמד. פונדעסטוועגען אז פרעה האט מיט זיי נעארבייט האט ער בעקומען זיין פסק — גאט דער מסבב הסבות טהוט זיך דאס זייניגע, און ברויכט ניט קיין הילפע פון א מענשען יוסף זאל איהם העלפען זיינע חלומות זאלען מקוים ווערען? —

אונטער אנדערע נאציאנען איז פערשיעדענע שפראכען איז זי אויך פיעל מאל געשפיעלט געווארען און ווערט געשפיעלט נאך עד היום, זיי זיי־ נען ניט געצוואונגען צו די גמרא, אויב עס ווייזט זיי אז ארט וואס עס לאזט

זיך ניט שיקען, שפּיעלען זיי נאָך זייער אייגענעם פערשטאַנד — און אונטער אונזערע אידען, צייט מיר געדיינקען, האָבען דאָס נאָר געשפּיעלט אָרעמע בחורים, אָדער די פּערצייטינגע בדחנים אויף א חתונה, קורץ פון זייער גע־פּיהל אויף א דראַמאַ האָבען מיר געקענט צו דער געשיכטע זעהר ווענינג הילפע בעקומען — דער בעריהמטער מחבר פון תוכן עלילות ווי וואויל ער האָט זיין מייסטערווערק בעאַרבייט, דאָך האָט ער די אַלע שווערע פראַגען אונז ניט ענטדעקט — אין דיעזען קליינעם ווערקל מיינעם איז אַלעס פער־ענטפערט, שילדערט נאָך דער אַלטער היסטאָריע נאָך זייערע זיטען און מנהגים, דאָס מען קאָן מיט רעכט זאָגען דאָס עס ליגט אויף זיי דער גאַנ־צער אַלטערטהום ווי עס וואָלט געווען געשריבען מיט פערטהאַלבען טויזענד יאָהר צוריק — און די אַלע שווערע פראַגען ווערען דאַ גלייך, געקליבען גוטע וואָרטען פון גמרא פון ילקוטים פון מפרשים, געפּאַסט איין דעה צו די צוויי־טע, ביז עס איז פערגלייכט געוואָרען אַלע שוועריגקייטען. דען דברי תורה עניים במקום זה ועשירים במקום אחר. —

פאַר די וועלכע וועלען מיר פרעגען וואָס נוצט אונז אַן אַלטע היסטאָריע, ליבערשט שרייבט אונז פון היינטיגער צייט, מיר זאָלען זעהען לעבעדיגע בילדער, אויף אייער פראַגע מיינע, לעזער, מוז איך אייך ענטפערען ניט ווי אַלע מחברים שרייבען אין זייערע הקדמות, אַז זיי זוכען ניט קיין כבוד און ניט געלט נאָר זיי ווילען מזכה הרבים זיין אָדער זיי מוזען שרייבען, ווייל זייער נאַטור דריקט זיי דערצו, ווי די פויגעל דאָס זי מוז זינגען (אָדער ווי דער האָן אַז ער מוז קרייען.) איך בין גראָדע פערקערט, איך בין מאמין באמונה שלמה אַז איך וואָלט געווען אַ נגיד, וואָלט איך געוויס ניט גע־שריבען און מיין אינסטינקט וואָלט מיר גאָר דאָצו ניט פרעסען. איך בין זיך מודה אפען פאַר אייך אַלע, אַז איך מיין נאָר דעם גראָשען.

**אליקים צונזער מווילנא.**

# די פערזאָנען וועלכע קומען דאָ פאָר.

י צ ח ק, אן איינוואוינער אין כנען אין חברון.
י ע ק ב, זיין זוהן.

| | |
|---|---|
| ר א ו ב ן<br>ש מ ע ו ן<br>ל ו י<br>י ה ו ד ה<br>י ש ש כ ר<br>ז ב ו ל ו ן<br>ד ן, נ פ ת ל י<br>ג ד, א ש ר<br>י ו ס ף<br>ב נ י מ י ן | די זיהן פון יעקב. |

ד י נ ה, זיין טאָכטער.
ש ר ה, זיין טאָכטער.
ש ר ה, די טאָכטער פון אשר.
ש מ ה, דער קנעכט פון יעקב.
א מ א ן, ביי שכם.
ט ל מ ו ן, אן אראבישער סוחר.
פ ו ט י פ ר, דער שעכט־מייסטער פון קעניג פון מצרים.
ז ל י כ ה, זיין פרוי.
א ס נ ת, זייער טאָכטער.
ח מ ו ט ל, איהר גואווערנאַנטין.

| | |
|---|---|
| ע ל ו ק ה<br>ע ז ו ב ה | זייערע דינעריגס. |

ח ר נ פ ר, דער הויפט וועכטער אין תפיסה ביי פוטיפר.
פ ר ע ה, דער קעניג פון מצרים.
ת ח פ נ ס, די קעניגין.
ה ד ו ר ם, אנ׳אלטער אדיוטאַנט.

אליקום צונזער

**ת ח ר ע,** דער טראנקמייסטער פון קעניג.

**ע ז מ ו ת,** דער אויבער־בעקער.

**י ו ס ף,** דער זוהן פון יעקב.

**א ס נ ת,** זיין פרוי.

**מ נ ש ה** } זייערע זיהן.
**א פ ר י ם**

**ס ל ו א,** זיין אויבער־אדיוטאנט.

**ע ב ד ו ן,** זיין קאמער־דינער.

**א ח י ש ח ר,** זיין קוטשער.

**ב ק ב ק ר,** דער הויפט חרטום אין מצרים.

אראבער, מורינען, תפוסים, מיניסטארען, גענעראלען, חרטומים, דינער, זינגער, קאהר, מוזיק, די וואך פון קעניג, די וואך פון יוסף.

די געשיכטע פאנגט זיך אן אין כנען אין 2216טען יאהר נאך דער וועלט באשאפונג. ענדיגט זיך אין מצרים אין 2238טען יאהר.

# ערשטער אַקט.

## ערשטע סצענע.

(דער פּאַרהאַנג ווירקעלט זיך אויף. עס איז צו זעהען א שעהנער זאַל, ביי דער זייט שטעהען צוויי בילדער פון שטיין. אברהם אבינו מיט זיין פרוי שרה, פון פאַרענט ביי א טיש זיצט יעקב העברי אויף א שטוהל און קוקט איז א ספר אן אלטען. עס עפענט זיך די טיר, עס קומט אריין יוסף, א יונגער מענש פון 17 יאהר, געקליידעט אזיאטיש, נויגט זיך פאר'ן פאַטער מיט גרויס עהרעפורכט).

### יוסף

גוט מאָרגען הער פאַטער!

### יעקב

זעץ דיך יוסף לעבען מיר אנידער,
איך ליעב דיר מעהר פון אלע דיינע ברידער
וואָס איך האָב געלערענט פון מיין טאַטען און זיידען,
פלעג איך דאָך אלעס, מיט דיר איבעררייידען,
און איידער איך בין אוועק קיין חרן,
איידער דיין מוטער איז מיין ווייב געוואָרען,
בין איך געזעסען ביי שם ועבר פערצעהן יאָהרען,
און אלעס וואס זיי האָבען מיר איבערגעגעבען,
גיב איך דיר איבער, פאר מיין לעבען.
און ווייל דו ביזט קלוג, מיט פערשטאנד,
גיב איך דיר איבער דעם ספר, וועלכען איך האלט אין האנט,
דעם ספר האָט מיין זיידע אברהם געשריבען,
אלע חכמות, אלע סודות, האָט ער דאָ צונויפגעקליבען;
האָסטו בעטראכט אונזערע שכנים, וועלכע וואוינען דאָ ארום?

האָסטו געזעהען זייער פיהרונג, זייער גלויבען, ווי קרום?
אזוי איז מיין עלטער זיידע אויך געווען,
נאָר געטער און געטער האָט מען ביי איהם געזעהען.
אַנדערע פון האָלץ, אנדערע פון שטיין,
אנדערע פון גאָלד, אנדערע פון ביין.
ווי וואהל איך האָב דיר שוין, פיעל מאל דערציילט,
ווי גאָט האָט מיין זיידען פון אלעמען ערוועהלט;
דאָך שאדעט ניט, נאָך אמאָל צו ריידען,
ערקלערען דיר די מעלות, פון מיין הייליגען זיידען.
שוין דריי און ניינציג יאָהר, פארביי געפלויגען,
צייט מיין זיידע האָט פערמאכט זיינע אויגען.
איך וואר דאמאָלסט פופצעהן יאָהר אלט,
און עס שטעהט מיר נאָך פאָר זיין הייליגע געשטאלט.
דו זעהסט דעם בילד? בעטראכט איהם גוט,
דאָס איז דאָך וויים, און ער וואר רויט, מיט בלוט.
זיין ליכטיגע געשטאַלט, זיין פרעהליכע מוט,
גאָטעס גייסט האָט אויף זיין געזיכט גערוהט.
איידער מיין זיידע איז געבאָרען געוואָרען,
זיין פאטער תרח האָט נאָך געוואוינט אין חרן,
איז די גאנצע וועלט געווען פערוואירט,
געצען-דיענעריי, האָט איבעראל עקזעסטירט,
אַלע לענדער און אלע אומות
האָבען געלעבט ווי בהמות,
ווי צווישען גרויסע אינדען אָהן א זעגעל א שיף,
פון איינציגען גאָט ניט געהאט קיין בעגריף.
אויף יעדער מין האָבען זיי געהאט געטער,
אויף ימים, אויף בערג, אויף בוימער, אויף בלעטער, —
אַ גאָט פון מלחמה, א גאָט פון ליעבע,
און אזוי געטער אויף יעדער סיבה;
יעדען שטערען געהאַלטען פאָר אַ גאָט,
געבויט פאר זיי טעמפעל אין יעדער שטאָדט;
די זון האָבען זיי אויך פאר א גאָט געטרויט;
הייליגע טורעמס צו איהר נאָמען געבויט.
האָבען מקריב געווען מענשען, אנשטאָט קרבנות,

קליינע קינדער געשעכט, גאָר אָהן רחמנות.
דער קעניג וואס האָט איינגענומען א שטאָט,
האָט ער זיך שוין געקרוינט מיט דעם נאָמען גאָט.
אזוי האָט נמרוד געפיהרט, וואס האָט דאמאָלס געלעבט.
דער פעבעל איז געווען בלינד און פערגרעבט,
די כהנים, די רעדעל־פיהרער, האָבען פערפיהרט די וועלט.
מיט מאַגישע קונצען גערופען הייליג,
און דערפאר בעקומען דעם בעסטען חלק.
דער פעבעל גלויבט, וואס די פריסטער זאגען,
מיט שקר די וועלט פון אמת פערזאגען.
(אזוי ווי דו זעהסט נאָך, דאָ עד היום,
ווי די פעלקער גרייזען, זינקען אין תהום.
נאָר מיר האָפען, אז מיט דער צייט
וועלען זיי בעקענען זייערע נארישקייט.)
ביז מיין זיידע אברהם איז אויפגעשטאַנען
און האָט ערקלערט, אז איין גאָט איז נאָר פאַראַנען
וואָס בעשאפט די ערד, די זון, די שטערען, די לבנה;
אַלע פלאנצונגען און חיות פאר דעם מענשען א מתנה;
וואָס ער פערלאנגט ניט קיין מענשען פאר קרבנות,
נאָר איינער אויף דעם צווייטען זאל האָבען רחמנות.
זיין קרבן איז א הארץ א ריינע;
זיין טעמפעל איז די נאַטור די שעהנע, —
און אזוי האָט מיין זיידע געטהאָן ערקלערען
דעם גאנג פון די זון, מיט אלע שטערען;
אַזעלכע וואס לייכטען, פיקס שטערען קאמעטען
דעם גאנג, און די גרויס פון אלע פלאנעטען,
פון דעם האָט ער דעם בערעכנונג גענומען,
די חדשים, די יאָהרען, זאָלען גראדע אויסקומען.
און נאָך פיעל חכמות האָט ער בעטראכט,
ביז גאָט גיט איהם די קראפט, די מאַכט
איהם דעם ערשטען, געגעבען אין האנט
זיין גלויבען אין דער וועלט, צו מאכען בעקאנט.
אַזוי איז ער געגאנגען פון שטאָט צו שטאָט
בעקאנט צו מאכען דעם נאָמען פון גאָט.

ניט איין מאָל האָט ער צרות געליטען,
ניט איין מאָל מיט מלכים, מיט וויכוחים געשטריטען.
עס האָבען זיך שוין געפונען מערדערשע הענט
וואָס ווארפען איהם אין פייער, ער זאל ווערען פערברענט.
נאָר דער גאָט פון אברהם איז פול מיט רחמנות,
ער האָט איהם מציל געווען פון די גרעסטע סכנות.
די מענשען, וואס האָבען דאָס געזעהען מיט די אויגען,
האָט ער פיעל פון זיי צו זיין אמונה צוגעצויגען.
דעם זעלביגען גלויבען האָט ער פאר זיין לעבען
מיין פאטער יצחק איבערגעגעבען;
מיין פאטער האָט אויך, מיט חכמה, מיט תבונה
צוגעצויגען הונדערטער צו זיין אמונה,
און אזוי האָט מיך מיין פאטער דערהויבען
אין איין גאָט, אייביג צו גלויבען,
וועלכער האָט קיין גוף, וואס איהם דערהאלט,
קיין אָדערען, קיין גלידער, אויך קיין געשטאלט.
ער האָט קיין אברים, און דאָך קיין בעל מום;
ער האָט קיין אויגען און זעהט אומעטום.
און יעדער בעשעפעניש, איז דורך זיין בעגריף, —
וויים וואס אויבען, וויים וואס אין דער טיעף,
ער האָט ניט קיין ברייט, קיין הויך, קיין מאס, קיין אָרט,
און איז פול אומעטום, דאָ און דאָרט.
קיין פערבארגענהייט, איז פון איהם פערשטעלט,
ער טהוט וואס ער וויל, ער וויל וואס איהם געפעלט.
גוטע גיט ער שכר, שלעכטע ווערען בעשטראפט;
פערלאָזט ניט דעם, וועלכער צו איהם האָפט;
ווי וואויל איך לערען אלעמען, וואס גאָט הייסט,
אָבער דיר נאָך מעהר, ווייל דו ביזט מיין טרייסט.
דיין מוטער וואר מיר, טייערער פון אלע,
דו, מיין בן פורת, ביזט איצט איהר אָרט ממלא.
די בכורה, די ערשאפט אין שטוב און אין פעלד,
גיב איך דיר איבער, ווייל דו ביזט א העלד;
דען אין מיין ראובן׳ען האָב איך דערקענט,
ער איז צו איילענד, ער פלאמט, ער ברענט,

און א הערשער צו זיין, איז די הויפט־זאך געדולדיג,
זאָנסט קאָן דער ריינער ליידען אומשולדיג.
דארום גיב איך דיר די בכורה איבער,
דאצו א העמדעל אין פאסען, ווייל דו ביזט מיר ליעבער,
צום באווייז, אז דו שטייגסט שוין די ברידער אריבער;
דען דער בכור דארף געהן אנדערש געקליידעט,
צום באווייז, אז ער איז דער הערשער נאָכ׳ן פאטערס טויט;
מיין ברודער עשו, האָט אויך קליידער פרעכטיג און קלאָר,
איידער מיין פאטער, מאכט מיר פאר א בכור
צו ווייזען, אז דו ביזט ביי מיר מעהרער געאכט,
גיב איך דיר א זיידענע העמדעל, פון מצרים געבראכט
פאר א צייכען פון הערשאפט וועט זי דיר דינען,
דו וועסט ריכטען, שטראפירען, נאָך דיין פערשטאַנד און זינען;
דו קענסט די הערשאפט איבערגעבען דיינע דורות;
דו ביזט מיין בן זקנים, דיך רוף איך בן פורת.
איך געה יעצט, מיין קינד, אין מיין חדר בעזונדער
בעטראכטען און לערנען גאָטעס וואונדער.

(יעקב געהט אריין אין זיין חדר. יוסף פערבלייבט אליין).

## יוסף

מיין פאטער האָט מיר, פאר א הערשער געמאכט,
צום צייכען טהוט ער מיר אָן א העמדעל א פראכט.
דאָס איך וועל הערשען מיט קראפט, מיט מאכט,
און דעם געדאנק פון הערשען, ביי טאג ווען איך טראכט,
קומט דאָס מיר פאָר, אין טרוים ביי נאכט, —
שוין דעם צווייטען מאָל, אז מיך טרוימט, און ווי קלאָר,
פונקט ווי עס וואלט דאָס זיין אויפ׳ן וואָהר.

(די צעהן זיהן פון יעקב קומען אריין געקליידעט נאך אזיאטישער מאָדע מיט פייל־ און בויגענס ביי דער זייט. יוסף בעמערקט, אז זיי קוקען אויף איהם אייפערזיכטיג, ער זוכט ווערטער. ארייננצוקומען מיט זיי אין א געשפרעך).

## יוסף

איך האָב אייך דערצעהלט מיין חלום נעכטען,
וואָס איהר רעכענט מיר דורך דעם פאר א שלעכטען,

אז צו מיין גארב בוקען זיך אייערע גארבען;
איך בעמערק אייער געזיכט בייט זיך אין אלערליי פארבען;
נאר רעדט וואס איהר ווילט, טראכט וואס איהר טראכט,
הערט נאר מיין טרוים פון היינטיגע נאכט:
היינטיגע נאכט, טרוימט מיר א טרוים,
אז איך שטעה אונטער דעם הויכען רוים;
פלוצלונג הייבען זיך אן פלאנעטען צו קעהרען,
און די זון מיט די לבנה מיט עלף שטערען,
בוקען זיך אלע מיט הכנעה צו מיר,
פונקט ווי דער קנעכט פאר זיין הערינס טיר.

(יעקב הערט עס אין זיין חדר. ער קומט אריין. און בייזערט זיך אן אויף יוסף).

## יעקב

דו רעדסט נאך איבער די דומהייט ווידער,
אז איך און דיין מוטער, און דיינע ברידער
וועלען שטעהן פאר דיר, געקניטערהייט, —
פערגעסט, אז דיין מוטער איז שוין לאנג טויט.

(יעקב געהט אריין צוריק אין זיין חדר, יוסף געהט איהם נאך, די ברידער פארבלייבען).

## שמעון

ווי געפעלט אייך קינדער זיינע חלומות?!
ער איז דאס דער פאסטוך, און מיר די בהמות!

## לוי

ניין, ברודער! דו זאגסט נאך שלעכט, —
ער איז דער הערשער, און מיר די קנעכט.

## יהודה

אויב איהר ווייסט ניט איצט, וואס די העמדעל באטייט,
וועט איהר עס פערשטעהן מיט דער צייט.

## זבולן

ווייל ער פון הערשען טעגליך טראכט,
דרום טרוימט זיך איהם דאס זעלבע ביינאכט.

### ראובן

איהר ווייסט זיין מיין פון רכילות טרייבען?
כדי ער זאל דער איינציגער יורש בלייבען.

### יששכר

אזוי פיהרט זיך די וועלט, אזוי געפינען מיר בעשריבען
איין זוהן ירש'ענט, די איבעריגע ווערען פערטריבען,
ווייל הבל האָט געוואָלט קינ'ען פון ירושה פערויאָגען,
דרום האָט איהם קין צום טויט געשלאָגען.
דער אלטער נח האָט חמ'ען פערטריבען,
נאָר איין שם איז ביי דער ירושה געבליבען;
דער עלטער-זיידע אברהם גיט יצחק'ן ירושה, —
ישמעאל'ן מיט זיין מוטער פערטריבען מיט בושה;
דער זיידע יצחק גיט אונזער פאטער די ברכות,
און עשו'ן א פרנסה, פון שווערד מלאכות.
אָט דעם זעלביגען עסק, דעם אייגענעם משא-ומתן,
מאכט דאָ יוסף מיט אונזער אלטען טאַטען.
קריכט מיט חניפות צו איהם אין בוזים אריין,
כדי אונז מעביר נחלה צו זיין. —

### נפתלי

די וועלט זאגט: ווען עס איז פוסט דער מאגען,
יענער מוז פיעל כעס טראגען.

### אשר

מיר זענען דאך נאָר עסען געקומען,
וואָס האָבען מיר זיך אין רייד פערנומען.

### ג ד

קומט ברידער! שוין צייט מיטאָג עסען,
דאָס וועט אייך די שנאה פערגעסען

### ד ן

אז מיר ווילען דעם מאגען זיין מהנה,
ווילען מיר שוין דעם צווייטען ניט זיין מקנא.

(די ברידער געהען ארוים. יעקב קומט אריין, מיט דעם ספר איז האנט. נאך איהם יוסף. ער זעצט זיך אויפ'ן שטוהל, יוסף נעבען איהם. יעקב קוקט אין ספר, פלוצלונג ווערט ער ענטציקט פון דעם ספר).

## יעקב

פיעל בין איך עס ביי דיר ווערט,
אז איך האָב דיר דעם ספר ערקלערט.

## יוסף

איך קען דיר פאטער ביי מיין לעבען שווערען,
אז איך וועל טאָג און נאכט אין דעם ספר קלערען.
איך וואלט וועלען מיינע ברידער זאלען אויך האלטען דאָס געבאָט,
ניט אָפּקעהרען פונ'ם וועג, פון דעם לעבעדיגען גאָט;
ווייל פיעל מאָל טהוען זיי וואס ניט רעכט:
די קינדער פון בלהה, רופען זיי קנעכט;
דו פאָטער האָסט דאָך אונז געלערענט פערקעהרט, —
מביש זיין א חבר, זאל ניט ווערען געהערט.
אַלע זענען מענשען, ווער נאָר אן אָטהעם האָט,
רייך און אָרים זענען גלייך ביי גאָט.
בפרט ברידער מוזען זיך געווים זיין צייח,
איינער דעם צווייטען ניט צו זיין מביש.

## יעקב

(צום קנעכט).

שמה!

(שמה לויפט אריין).

## שמה

וואָס ווינשט איהר, מיין הער?

## יעקב

די קינדער האָבען אָפּגעגעסען? רוף זיי אהער!

(שמה לויפט ארוים).

### יעקב

(צו יוסף'ן).

באלד זאג איך די קינדער אָן,
זיי זאלען ווייטער די אומרעכט ניט טהאָן.

### יוסף

נאָר פאטער מיט א געלאסענע מינע,
זיי זאלען אויף מיר ניט טראָגען קיין שנאה.

### יעקב

זיי רוהיג מיין קינד, איך וועל געוויס פערשטעהן
מיט געלאסענע ווערטער מיט זיי זיך צו בעגעהן.

(די ברידער אלע קומען אריין, געגעהענען צום פאטער).

א ל ע

וואָס איז ליעבער פאטער?

### יעקב

ניין, קינדער! נאָר עטוואָס מאָראַל,
מוסר שאדט קיין מאָל ניט, דאָס איז א כלל.
דער מענש מוז זיך בערעכענען אלע טאג, אלע צייט,
ער זאל פון פונקט ניט אוועקגעהן ווייט;
אויף יונגע מענשען איז דאָס געזאָגט געוואָרען,
בפרט איך צו מיינע אלטע יאָהרען.
איך בין שוין א מאן פון הונדערט אכט יאָהר;
מיין קאָפּ, מיין באָרד, איז פול מיט גראע האָר.
מיין לעבען איז אוועק, אין צרות, אין רויך,
פון עשו'ן, פון לבן'ען, פון דינה'ן אויך.
דער טאָג פון טויט איז פון מענשען פערשטעלט,
אומגעריכט פערלאָזט מען א וועלט;
איך לאז איבער אן אייגענס פאר אייך, מיינע קינדער:
זילבער און גאָלד, שאָף און רינדער;
עופות אין הויף, האָניג אין די זועלדער,
הויזראַט אין שטוב, תבואה אויף די פעלדער;
איהר וועט געניסען, מיט פערגעניגען, פרעהליכערהייט,

אייער טאַטענס מיה, וואס האָט אייך אָנגעגרייט ;
אבער פיעל מענשען האָבען דעם פעהלער געהאט,
בעקומען האָפערדיגקייט, ווען זיי זענען זאַט,
געהען אויפ׳ן גאס מיט גאוה, מיט שטאָלץ,
פעראכטען דעם צווייטען, ווי שטיין, ווי האָלץ,
רעכענען דעם אנדערען, פאר זיך גרינגער
שעצען קיין מענשען, קיין עלטער, קיין אינגער, —
אפילו אייגענע ברידער זענען זיי מביש,
היט אייך קינדערלעך ! דאָס איז חיות !
גאָט האָט אלעמען אין איין פורעם בעשאפען,
אָרעמע און רייכע, הערען און שקלאפען,
שעצט יעדען מענשען מיט ענוה זייט געציהרט,
אזוי האָט זיך מיין זיידע אברהם געפיהרט.
מיין פאטער האָט אויך קיינעם בעריהרט.
שענדליך איז יענער, ווער עס שטאָלצירט,
ער ווערט אויסגעלאכט פון גאָט און פון לייט ;
יאָגט ער זיך נאָך כבוד, איז דער כבוד פון איהם ווייט,
געהט אלע קינדער אין פעלד, אייער שאָף ווײדען,
אין אנ׳אנדער צייט, וועל איך מעהר דערפון ריידען.

(יעקב שטעהט אויף פון זיין שטוהל, געהט אריין אין זיין חדר, יוסף נעהט איהם נאך, די ברידער בלייבען אליין).

## יהודה

די רייד פון אונזער פאָטער, ווי געשמאָק, ווי זיס.

## זבולן

דאָך איז דאָ פאראנגען פון בעל רכילות א ביס.

(שמה דער קנעכט, וועלכער איז ביז יעצט געשטאנען ביים טיר, גע־ נעהענט צו די ברידער).

## שמה

יוסף האָט ערשט מיט אייער פאטער גערעדט,
ער האָט איהם דערצעהלט פון אייך דעם חטא.
דאָס איהר שטאָלצירט, מיט גאוה פיעל,
אייער פאָטערס רייד, שטרעבט אויך צו דעם ציעל.

### שמעון

ניין, ברידער! איך וועל מיך מיט איהם ניט קריגען,
מען וועט איהם ניט ארויסטרייבען מיט ווערטער די פליגען.
צו דעם יונג וועל איך אן אנדער מיטעל קריגען.

(ענדע ערשטע סצענע).

## צווייטע סצענע.

(אין פיער וואכען ארום).

(דער וועג ביי דותן, עטליכע בוימער ביי דער זייט, א פאר שטיבלעך איז צו זעהען פון דער ווייט, נעבען די בוימער היג־טען איז צו זעהען עטליכע פאסטוכער, די בהמות פיטערען זיך אויפ'ן לאנקע. פון פארענט איז צו זעהען א גרוב, לעבען גרוב געהט ארום יוסף. אויפ'ן פלייצע א הירטענטאש. ער קוקט זיך ארום אזוי ווי ער זוכט וואס. פון דער אנדערער זייט קומט אן א מענש).

### דער מענש

וועמען זוכסטו? יונגער מאן!

### יוסף

מיינע ברידער, ווייסט איהר ניט, וואו זיי זענען פאראן?

### דער מענש

ווער זענען זיי?

### יוסף

יעקב העברי'ס קינדער.

### דער מענש

אָט ניט לאנג זענען זיי דאָ געווען,
אויפן' וועג פון שכם האָב איך זיי געזעהען;

איך האָב געהערט, ווי זיי ריידען,
אַז זיי ציהען קיין דותן, די שאָף ווײידען.

(דער מענש געהט אוועק. יוסף קוקט זיך ארום. ער דערזעהט די ברי־
דער פון ווייטען).

**יוסף**

מיינע אברים ציטערען, מיט שרעק, מיט רעש:
איך פירכטע מיך פאר זייער כעס.
איך מוז אבער פאלגען, מיין טאַטען דעם אלטען,
זיין שליחות איז מיר הייליג, איך מוז עס האלטען;
מיך וועט שטיצען די מצוה, דער זכות,
דער פאטער שיקט דאָך מיר, ברייננגען א גערוס,
וואָס טהוען די ברידער, וואס מאכען די שאָף,
דאָס וועט מיך שטיצען פון זייער שטראָף.

(יוסף געהט ווייטער, נאָהענט צו די ברידער).

**לוי**

אָט געהט דער בעל חלום, איך זעה איהם שוין קלאָר.

**שמעון**

ער הערשט אין חלום, אבער ניט אויפ'ן וואָהר.

**זבולן**

לאָמיר רייצען די הינט, איהם נאָכצוויאָגען.

**שמעון**

ניין! איך וועל איהם ליבערשט מיט מיין האנט דערשלאָגען.

(יוסף גענעהענט צו זיי).

**יוסף**

אונזער פאטער שיקט מיך אייך ווערען געוואָהר.
דאָס פריעד פון אייך מיט די שאָף, צו וויסען קלאָר.

(שמעון כאפט איהם ביים האלז).

**שמעון**

דו האָסט דאָס רכילות פאר'ן פאטער געטראָגען,
גלייך וועסטו טויט געשלאָגען!!

(ראובן שמעהט גיך אויף, כאפט שמעונ׳ס האנט).

## ראובן

ברידער! ברידער! פארגיסט ניט קיין בלוט!
זעהט זיך ארום, איידער איהר טהוט!
אַט איז א גרוב, ווארפט איהם ליעבערשט אריין,
נאָר אין אונזערע הענט, זאל קיין בלוט ניט זיין!

(לוי, יהודה, זבולן, טראגנען איהם צום גרוב, ציהען איהם אפּ דאס העמד־
דעל, ווארפען איהם מיט האסט אריין. עס הערט זיך א געשריי „אוי"
און עס בלייבט שטיל, די ברידער אלע געהען אוועק אויף זייער ארט).

## יוסף

(פון גרוב).

אָ, ווי גרויס איז דער כעס פון מיינע ברידער,
איך האָב געמיינט עס צושיטען זיך מיינע גלידער.
אח, ווי שווער דער דאמפּ איז דאָ, ניט צו דערהאלטען, —
עגדעשען, שלאנגען, פול אין די שפּאלטען.
איך בעשווער אייך שלאנגען, מיט דעם נאָמען פון גאָט —
וועלכער הימעל און ערד בעשאפען האָט,
איהר זאלט אייער גיפט, אין זיך האלטען,
איך בין אן אייניקעל, פון אברהם׳ען דעם אלטען,
ער איז געוועזן דער ערשטער אויף דער וועלט,
וואָס האָט די ריינע אמונה, פאר אלע ערקלערט.
יצחק דער גרויסער, ער איז מיין זיידע,
וועלכער איז פרעהליך געגאנגען צו דער עקידה,
ווי א ריינער קרבן, ווי אן אָפּפער ריח,
האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האלז, אויפ׳ן מזבח.
איך בין דער זוהן פון יעקב, די הייליגע נשמה,
וואָס האָט מנצח געווען א מלאך אין דער מלחמה.
איך בעשווער אייך אינ׳ם נאָמען פון מיינע הייליגע אבות,
איך בעשווער אייך מיט דעם נאָמען פון הגואל ממות,
וואָס בעשאפט די זון, די שטערען, די ערד, דעם ים,
איהר זאלט מיר ניט טויטען מיט אייער גיפטיגען סם.

(די נײַן ברידער קלײַבן צוזאַמען שטײנער, און זעצן זיך עסן. ראובן שטעהט װײַט פון זײ. ער פערשפּרײט די הענט צום הימעל).

## ראובן

אײנציגער הערשער, איבער אלע דײנע װעלטען,
דו בװיסט מיט חכמה, דײנע הימעלשע געצעלטען;
האָסט מיט רחמנות די נאַטור געשטעלט,
מיט הסד, מיט רחמים, פיהרסטו דײן װעלט;
דײן חסד װערט געזעהען אומעטום,
פון דעם טאַנענבױם, ביז די בלום;
פון דעם מילב, ביז דעם העלפאַנד,
איז אומעטום דײן רחמנות בעקאַנט.
שיק אַרײן דײן רחמנות צו מײנע ברידער,
אומצוקעהרען יוסף'ן צום פאַטער װידער.
מיר זאלען ניצול װערען פון עונש פון גזר,
און אונזער פאַטער פון גרױסען צער.

(װי די נײַן ברידער עסען, לעגט יהודה זײַן ברױט אַנידער, װײל איהם נעהמט קײן עסען אײַן).

## יהודה

מײן האַרץ קלאַפּט מיר, עס טרײסעלט א צאָהן אָן א צאָהן,
מיר יעקב'ס קינדער, זאלען אזױ אַן אומרעכט טהאָן.

## שמעון

איצט װילסטו ניט, װאָס דו האָסט פריהער געװועלט,
אַ װײלע װאַרפט דיר אין היץ, א װײלע אין קעלט.

## יהודה

װײל דו האסט א שטײנערנע האַרץ,
פיהלסטו קײן פרײד, שפּירסט ניט קײן שמאַרץ;
אבער פלײשענע הערצער װערען געביטען,
װײל דער צער, דער רחמנות, ערװעקט איהם די זיטען.

## ג ד

אָבער לאָזען איהם צום פאַטער, קען עס אױך ניט גילטען,
װי נח כנענ'ען, אזױ װעט ער אונז פערשילטען.

(אראבער פאהרען אן מיט קעמלען, די ברידער קוקען זיך אום).

לוי

אט געהען אראבער מיט סחורה.
פילייכט געהען זיי צום גרוב, האב איך מורא.

יהודה

איך וועל איהם צו די אראבער פערשקלאווירען,
אז זיי זאלען עס גאר ניט שפירען.

(יהודה נעהט צו די אראבער, די ברידער געהען איהם נאך).

יהודה

א גוטער מארגען מיינע הערען!

די אראבער

גוט מארגען, גוט יאהר!

יהודה

וואוהין פאהרט איהר עס אזוי געלאדען שווער?

די אראבער

קיין מצרים, ליעבסטער הער.

יהודה

פילייכט וועט איהר ביי אונז א סחורה קויפען,
וואס האט קיין גלייכען אין איהר אופן.

טלמון פון די אראבער

וואס איז פאר א סחורה? פיעל באטרעפט?
ווייזט, פילייכט וועלען מיר מאכען געשעפט.

יהודה

מיר האבען צו פערקויפען א קנעכט א גוטען,
אבער אן אויסנאהם, ניט קיין פשוט'ען.
איהר באקומט ניט זיין גלייכען אין דער וועלט,
און איהר קענט איהם האנדלען אין גלייכען געלט.

טלמון דער סוחר
וויבאלד איהר ריהמט איהם אויף אזא אופן,
טאָ וואס לוינט אייך איהם צו פערקויפען.

יהודה
דער קנעכט האָט ניט לאנג בעקומען א חסרון,
ניט לאנג איז דאָס איהם געוואָרען,
נאָר דער פעהלער איז פאר אונז, ניט פאר אייך,
אזוי איז ער מיט אלע מענשען גלייך.
דער יונגער קנעכט, פון זיין געבאָרען,
איז ער גלייך מיט אונז ערצויגען געוואָרען.
ביז ער האָט זיך איינגערעדט דעם געשלידער,
רופט אונזער פאטער „טאַטע“, אונז „ברידער“.
שאפען מיר זיך מיט איהם א שליחות,
נעמט ער זיך רעכענען מיט אונז יחוס;
הייסען מיר איהם טהאָן א מלאכה,
זאָגט ער מיר זענען פון איין משפחה.
שלאָגען מיר איהם, מאכט ער א גערודער.
ברידער שלאָגען אן אייגענעם ברודער?
מיר האָבען אין גלעד געפרעגט א סגולה,
האָט מען אונז געהייסען טהאָן א תחבולה:
מען זאל איהם דערשרעקען, אונגעריכט,
ביז עס זאל זיך בייטען דאָס בלוט אין געזיכט;
אָדער פון א הויכען בארג איהם וואַרפען אראָפּ
דאן וועט איהם ארויס דער שום פון קאָפּ,
מיר האָבען דאָס שוין אויך געטאָן,
און דער יונג בלייבט ביי זיין שגעון;
מיר האָבען איהם היינט גענומען פון שטוב,
און פלוצלונג אריינגעווארפען אָט דאָ אין גרוב;
נאָר אומזיסט אונזער מיה, אונזער לייד,
ער שרייט פון גרוב אויך די זעלביגע רייד.
אויב אייך, בעסטער פריינד, דער קנעכט געפעלט,
קענט איהר איהם האנדלען, אין גלייכען געלט.

### טלמון דער סוחר

ברײנגט איהם אהער, מיר װעלען איהם זעהען,
װעט ער אונז געפעלען, קען דאָס געשעהען.

### יהודה

(צו די ברידער).

גיכער ברידער! גיט אײך א קער,
נעהמט איהם ארויס, ברײנגט איהם אהער.

(די אראבער בלײבען דא שטעהן מיט די ברידער. שמעון, לוי לויפען צום גרוב).

### שמעון מיט לוי

האלט זיך אָן פאר די שטריק!
מען װעט דיר ארויסציהען צוריק!

### יוסף

(פון גרוב).

איהר האָט אײך פאַרט אָהן מיר דערמאָנט,
איהר האָט מיר דאָך, פאר א ברודער דערקאָנט.
בלוט איז קײן װאסער, דאָך אײן לײב, אײן זעל,
ניט פיעל לאָזט איהר מיר, ליגען אין הייל;
אח, דער דאמפ, דער גרוך, װי שטארק, װי שװער:
עגדעש'ן, שלאנגען, װאו מען גיט זיך א קעהר.
זאָגט מיר ברידער, מײן חטא אצינד,
װעל איך עס שוין מעהר ניט טהאָן די זינד.
איך שװער אײך פאר עדות, די ערד, די זון,
אז דער פאטער װעט ניט װיסען א האָר דערפון.

(די ברידער ענטפערען איהם קײן װארט, פיהרען איהם צו די אראבער).

### טלמון דער סוחר

(צו יוסף'ן).

שרעק דיך ניט, זײ בארוהט,
אן אָרענטליכען מאן איי איבעראל גוט.

יוסף

(מיט שרעק).

איהר פערקויפט מיר! אוי וועה! אוי ווינד!
א קנעכט! א שקלאַוו! יעקב׳ס קינד!!

(די אראבער לאכען).

טלמון דער סוחר

וואַרף אוועק דיין שגעון,
וואָס האָבען דיר דען די לייט געטהאָן?

יוסף

וואָס קען מען שוין טהאָן ערגער שלעכט,
אַז ברידער פערקויפען א ברודער פאר א קנעכט?!

(די ברידער לאכען).

יוסף

אויף דעם אלטען טאַטען האָט רחמנות ברידער!
קעהרט מיך אום צום טאַטען ווידער.

שמעון

טריקענסט דאָך אומזאָנסט דיין גומען,
דו קענסט שוין מעהר צו אונז ניט קומען.
פאַק איין אין רייזע־טאַש דיינע עלילות,
דיינע האָפּערדיגע חלומות, מיט דיינע רכילות, —
און נעהם דאָס אלעם קיין מצרים מיט,
פילייכט דאָרטען וועלען זיי דיר טראָגען פּראָפיט.

יוסף

(מיט שרעק).

אין מצרים?! דאָרט איז דאָך ביי זיי דער רעכט,
אז אייביג פערבלייבט אין מצרים א קנעכט,
ווען ער קען כאָטש ווערען ביז קעניג גרויס,
קומט ער שוין אויך פון דאָרט ניט ארויס.
וועה צו מיר!...

### שמעון

שטיל ! ! ! זאָג איך, רייד נאָך ניט א וואָרט ! !
בעקומסט גלייך דעם טויט אויף אן אָרט ! !

### טלמון דער סוחר

דאָס קימערט אונז ניט, מיר לאכען פון דעם,
זאָגט אונז נאָר, וואס ווילט איהר פאר איהם ?

### יהודה

דער מקח איז דרייסיג טאָלער שטיק,
נעהמט אייך דעם יונג און פאָהרט מיט גליק.

### יוסף

איינציגער גאָט ! קוק אראָפּ אויף דיין וועלט,
ברידער פערקויפען א ברודער פאר געלט !

### טלמון דער סוחר

(צו די ברידער).
דער מקח איז פאר א קנעכט אָהן חסרונות,
ער אבער האָט דאָך אין זיך שגעונות.
צוואנציג טאָלער, נעמט אויב איהר ווילט,
גערעדט, פערפאלען, געוואונען, — פערשפּיעלט.

### יהודה

לאָז זיין מיט גליק, האנדעלט א מציאה ;
נעהמט אייך דעם יונג, פאָהרט אייער נסיעה.

### יוסף

צו צוויי טאָלער אויף א חלק, ברידער דאָס איז גוט , !
פאר צוויי טאָלער פערגיסט איהר אייער פאטערס בלוט ? !

(די ברידער לאכען נאך מעהר. דער סוחר צעהלט אפּ יהודה'ן די
צוואנציג טאלער, זיי געהען צוריק אויף זייער ארט).

### יוסף

(צו די סוחרים).

ליעבסטע פריינד! פיהרט מיך צו מיין טאַטען,
איהר וועט פיעל פערדיענען, אָהן דעם משא ומתן.

### טלמון דער סוחר

(מיט צאָרען).

שטיל דו שוטה, דיין שגעון וואַרף אַוועק!
וועסט ריידען נאָך אַמאָל, בעקומסטו שלעק!

(יוסף בלייבט שטיל, די אראבער פאַהרען אַפּ. יוסף פיהרט די קעמלער, ביז מען זעהט זיי שוין ניט אויף דער סצענע. אייניגע מינוטען פויזע. ראובן קומט אַן, לויפט צום גרוב, געפינט יוסף'ן ניט. ער פערברעכט די הענט און לויפט צו די ברידער).

### ראובן

יוסף איז דאָך ניטאָ אין גרוב.
ווי קום איך פאָרט צום טאַטען אין שטוב.

### יהודה

שריי ניט ברודער, עס איז אַלץ רעכט,
מיר האָבען איהם פערקויפט קיין מצרים פאַר אַ קנעכט.

### ראובן

דער טאַטע האָט דאָך איהם צו אונז געשיקט,
ער וועט דאָך זאָגען, מיר האָבען איהם דערוואָרגען, דערשטיקט.

### יהודה

איך זאָג: מען זאָל קוילען אַ ציגעלע אַ קליינע,
ווייל דאָס זעהט אויס, ווי מענשען בלוט ריינע,
כדי דער אַלטער זאָל עס ניט שפּירען,
דערמיט זאָל מען דאָס העמדעל באַשמירען;
זאָגען, אַז מיר האָבען עס אין וואַלד געפונען,
דערביי האָט נאָך בלוט גערונען,
ביז ער וועט זיך אויף דעם בעשליכען,
אַז חיות אין וואַלד האָבען איהם צוריסען,

און מיר זאלען איצט מיט א שבועה שווערען,
אז קיינער טאָר עס דערפון ניט געוואָהר ווערען.

### ראובן

לאָז זיין אזוי, איך האָב דאָך קיין ברירה,
נאָר פאר'ן טאַטען האָב איך מורא.
ברייננגט מען דאָס העמדעל דעם אַלטען,
וועט ער געוויס פון כעס ניט דערהאלטען.

### שמעון, לוי, יששכר זבולון

יהודה איז אייביג א געשיקטער מאן,
דאָס איז זעהר א גוטער פלאן;
מיר ווערען דעם סוד ניט אויפגעבען,
אפילו ווען עס געהט אונז אום לעבען.

(זיי גיבען זיך אלע הענט. קוילען א קליין ציגעלע. טונקען איין דאס העמדעל אין בלוט, צורייסען איהר אין עטליכע טייל, יהודה ווייזט זיי דאס העמדעל).

### יהודה

אזוי איז גוט?

### אלע

בראוואָ!!

(ענדע צווייטע סצענע).

## דריטע סצענע.

(עס קומט פאר אינ'ם הויז פון יעקב. יעקב געהט ארום איבער'ן שטוב שרעקליך פערזארגט און רעדט צו זיך אליין.

### יעקב

צייט איך בין פון פריה פון שלאָף אויפגעשטאַנען,
שרעקט מיר מיין הארץ, איך ווייס ניט פון וואנען.
הענט און פיס טרייסלען מיר, מיינע אברים ציטערען,

איך פירכטע מיך פאר מיין חלום דעם ביטערען,
עס טרוימט מיר די נאכט, אז חיות אלערליי:
לייבען, שלאנגען, און אייזעל אויך אונטער זיי,
יאָגען אלע נאָך אן אָקס א יונגען,
ביז זיי האָבען איהם פעסט בעצוואונגען.
ער שרייט מיט קולות, בעט זיך ביי זיי;
די אכזרים קימערט ניט זיין געשריי,
צורייסען גלידערווייז, ווער — א האנט, ווער — א זייט, —
גלייך זיי וואָלטען ניט הערען וואָס דער עלענדער שרייט.
ביז ער איז געבליבען אָהן קראפט, אָהן מאכט;
זיי אָבער פרעהען זיך מיט זייער יאכט;
איך כאפּ מיין פייל און בויגען לויפען נאָך זיי;
דאן האָב איך מיך אויפגעוואכט פון מיין געשריי.
עס האָט מיר געברענט מיין כעס, מיין צאָרן,
און בין באלד צוריק אנטשלאָפען געוואָרען.
דאן איז מיר פארגעקומען אן אנדער חלום, —
אַז מיין ווייב רחל עליה השלום,
שטעהט נעבען מיר, אין תכריכים געקליידט;
די אויגען פערוויינט, די הענד פערשפרייט, —
און שרייט: יעקב! יעקב! שטעה אויף פון דיין שלאָף,
חיות צורייסען אונזער עלענדע שאָף, —
טרערען מיט בלוט, פון איהרע אויגען גיסען,
און האָט אויף זיך די תכריכים צוריסען.
דעם גאַנצען טאָג מיין הארץ מיר שרעקט,
די טרערען האָבען מיר שוין דעם פנים פערפלעקט.
איך קלאָג, איך וויין, איך וויים ניט וואָס,
גאָט פון הימעל! נאָך איז ניט פול מיין מאָס?!
מיט די צרות פון עשו'ן, בין איך נאָך ניט זאט,
פון לבנ'ען ווענינ צרות געהאט.
די צרות פון דינה'ן איז מיר קנאָפּ אפּנים,
בעקומען דורך איהר א וועלט מיט שונאים.
מיט וויפיעל קעניגע האָב איך דאָס געמוזט שטרייטען,
געהאט די מלחמה פון אַלע זייטען,
אַ ווײלע רוהיג לאָז מיך גאָט זיצען,

איך זאָל קענען די צייט אין טוגענד בעניצען.
איינציגער גאָט! ערוועק דיין רחמנות!
בעשיץ מיינע קינדער פון אלע סכנות!

(עס קומט אריין יהודה מיט'ן העמדעל אין האנט. נאך איהם אלע ברידער. יעקב קוקט איבער מיט האסט אלע קינדער און געפינט יוסף'ן ניט. ער שרייט פירכטערליך).

יעקב

וואו איז יוסף? זאָגט מיר געשווינד!!
ווען איז מיר!! וואו איז מיין קינד?!!

אלע

צייט מיר האָבען פון שכם געצויגען,
האָבען מיר נאָך יוסף'ן ניט געזעהען אין די אויגען,
מיר געפינען נאָר די העמדעל אליין,
דערקען, פאָטער! דאָס איז יוסף'ס, צי ניין?

(יעקב כאפט מיט האסט די העמדעל, בעטראכט איהר גוט, שרייט פירכטערליך).

יעקב

מיין קינדס העמד איז דאָס, אוי ווען אוי גוואלד!!
חיות האָבען איהם צוריסען אין וואלד!!

(יעקב כאפט מיט האסט די העמדעל, בעטראכט איהר גוט, שרייט איהם, זעצען איהם אנידער אויף א שטול. ער שרייט יעמערליך.)

יעקב

וואו האָט איהר עס געפונען, אוי ווען אוי ווינד?!
וואו ביזטו יוסף, יוסף מיין קינד!

יהודה

אויפ'ן וועג פון שכם, אין וואלד אָן דער זייט,
דערזעהען מיר אַ רויטע זאַך פון דער ווייט,
מיר געהען צו נאָהענט, מיר בעטראכטען דאָס גוט,
די העמד ליגט צוריסען, ארום איז פול בלוט.

מיר זוכען דאָרט ווייטער, אַ גליד צי אַ ביין,
אָבער מיר געפינען נאָר א שלאַד פון בלוט אַליין.

(יעקב צורייסט זיינע קליידער וואס ער טראגט).

יעקב

גאָט איז גערעכט, אויף אַלץ וואָס ער טהוט,
מיינע זינד פערגיסען די אומשולדיגע בלוט;
רחל האָט מיר שוין היינט אָנגעזאגט די בשורה,
אז חיות צורייסען דיר, דיין לייב האָט קיין קבורה.
וואו וואלגערט זיך, יוסף, דיינע איידעלע ביינער;
איך שריי, איך פרעג, עס ענטפערט מיר קיינער!
מען האָט ניט געלאָזען קיין פלייש, קיין ביין,
די ביינער אויך צוגריזשעט מיט די ציין;
מיין איינציגער נחת! מיין טרייסט, מיין פרייד!
ווי ווערסטו פון מיר פלוצלונג אָפּגעשיידט!

(יעקב פאלט אראָפּ פון שטול, די קינדער לויפען צו).

יעקב

רחל! רחל! מיין עקרת הבית,
פון דיין קינדם פלייש זעטיגען זיך חיות.
שטעה אויף רחל! פון דיין קבר שטעה אויף!
אפשר וועסטו נאָך געפינען א סימן פון זיין גוף,
אומזיסט האָסטו געקלאָגט, טעג מיט יאָהרען,
אומזיסט האָסטו געהאָפט אויף יוסף׳ס געבאָרען.
פערלוירען דיין מיה, פערפאלען דיין יגיעה,
אַ קורצע צייט האָסטו נאָר געהאָט אַ זכיה,
צו פרעהען זיך מיט איהם, נחת צו געניסען,
חיות אין וואלד האָבען איהם צוריסען;
דרום ביזטו גיך פון דער וועלט אָפּגעפלויגען?
זאָלסט די צרות ניט זעהען, מיט דיינע כשר׳ע אויגען,
איצט שפּירסטו קיין צער,
ווייסט פון קיין גזר,
פון היינטיגען טאָג
ווייסטו קיין קלאָג,

ביזט זאַט מיט פרייד,
ווייסט פון קיין לייד,
פון די שכינה איהר ליכט
שיינט דיין געזיכט.
קיין טרויער, קיין יאָמער, אין דיין רוהיגע דירה,
מיט די הייליגע מלכים זינגסטו מיט שירה.
ליבערשט וואָלט מען מיך אויך צום קבר געטראָגען,
איידער איך דארף היינט נאָך יוסף'ן קלאָגען.
מיינע זיסע חלומות, זיינען אין ים דערטרונקען,
מיינע זיסע האָפענונגען האָבען אין תהום פערזונקען.
מיך טרוימט, אַז יוסף וועט מיך אויף דער עלטער שפּייזען,
אָבער האָפענונגען ווילען נאָר דעם מענשען גרייזען,
דו שפּייזט מיך היינט מיט טרעהרען, מיט שוויים,
דו שפּייזט די חיות, מיט דיין איידעלע פלייש.

(יעקב פערברעכט די הענט און לאזט אראפּ דעם קאפּ. עס קומען אריין זיינע שניר און זיין טאָכטער דינה. און בנימין א אינגעל פון ניין יאהר. יעקב נעמט איהם פאר'ן האנט).

## יעקב

דו זעהסט בנימין! וואו דיין ברודער האַלט!
דאָס האָט מען זיין העמדעל געבראכט פון וואלד,
חיות צורייסען איהם אבר פאר אבר,
וועה איז מיר און אייער מוטער אין קבר.

(דינה און די אלע שניר וויינען זעהר פיעל).

## דינה

פאָטער! דו האָסט אונז געלערענט, אז אויף דער וועלט
זיצט דער מענש אין אַ גאַנץ שוואכען געצעלט,
ווי די עלענדע שאָף אין דעם ים דעם גרויסען,
די וואלען, די שטראמען, פון די זייטען איהר שטויסען.
און ביז זי שלאָגט זיך צו צו אַ ברעג,
איז זי אין געפאהר די גאנצע וועג,
שטראָמען און ווינטען,
פון פאָרענט, פון הינטען,

עס געהט ניט אוועק
אַ רגע, אַ מינוט,
דורכאויס אין שרעק,
אין סכנות זיין בלוט,
שרעק און פערדרוס
איז אויף יעדער פוס,
צרות און ניט גוט
אין יעדער מינוט,
דאגה און זאָרגען
פון נאַכט ביז מאָרגען,
דעם פעהלט פרנסה, דעם פעהלט קינדער,
דער איז קאַליקע, דער א בלינדער.
דער האָט שונאים אויף זיין לעבען לויערן,
דער אויף קינדער זיינע אויגען טרויערן.
דעם נעהמט מען זיין כבוד, דער געפינט קיין רעכט,
דער איז אומגליקליך, דורך אונטרייע קנעכט;
דעם גיט זיין פרנסה, אין עק וועלט א טרייב,
דער איז אומגליקליך דורך אַן אונטרייע ווייב;
דער זוכט רייכטהום און געפינט — אביונות, —
דער זוכט אוּן געפינט — בזיונות:
דער זוכט ממשלה, און געפינט דעם טויט;
דער האָט פיעל קינדער, און האָט קיין ברויט,
דער זוכט גליק און טרעפט פערקעהרט;
דער שרייט „אמת!" און ווערט-ניט געהערט;
נאָר וואָס בעטרעפט יעדע צרה, יעדער נויט,
קעגען דעם שרעקליכען פינסטערען טויט,
ווי דער ווארים קעגען לייב, די ליכט קעגען פלאם,
ווי אַ טראָפּען וואסער קעגען דעם גרויסען ים.
דאָ שטאַרבט א פאָטער, אָהן א טאָלק, אָהן א לאַד,
בלייבען ווייב און קינדער אויף אייביג נע ונד.
דאָ שטאַרבט אַ בן יחיד, דער טרייבט פון שטוב,
די מוטער לעגט זיך מיט איהם אין איין גרוב;
דאָ לעגט מען אַ כלה אין פינסטערען קבר אריין,
מאָרגען האָט דאָס געזאָלט איהר חתונה זיין,

דאָ געפינט אַ קעניגס זוהן, אין קבר זיין מנוחה,
וואָס איז שוין בעשטימט געווען צו ירש'ענען די מלוכה;
דאָ זענען דריי קינדער ביי אַ פאָטער געשטאָרבען,
איצט טראָגט ער דעם לעצטען פאר'ן טויט אַ קרבן;
ווער איז דער איינער, וואָס זאָגט גאָט אַ דעה,
דאָ העלפט קיין שוחד, דאָ גילט קיין מטבעה,
זיין וועלט־ראָד לויפט ווי ער איהם דרעהט,
ער פיהרט זיין וועלט ווי ער פערשטעהט,
דאָס איז טאַקע דיין לעהרע, פאטער געטרייער,
פון אמת געבויט, וויכטיג און טייער.
געדיינק דעם וועלט־פיהרער, ווער עס געבאָט און הייסט,
דיינע אייגענע ווערטער זאָל דיר דיענען צום טרייסט.

## יעקב

יע מיין קינד! ווען איז דאָס גערעדט,
אז דער מענש אליין האָט אין דעם קיין חטא,
דער מענש מוז זיך אַליין פון סכנות פערהיטען,
און בעטען גאָטעס שטיצונג זיין הילף אין מיטען,
אָבער דאָ בין איך שולדיג, געהייסען עס איינעם געהן,
אין אַ וועג פון סכנות געשיקט איהם אַליין.
ניין, קינדער, איך וועל איהם אייביג בעדויערען,
ביז צו מיין קבר וועל איך נאָך איהם טרויערען.

(אין דער צייט ווען יעקב רעדט, קומט אריין יצחק מיט א שטעקען אין האנט, דען ער איז בלינד, ווען יעקב רעדט, בעמערקט ער ניט, אז זיין פאטער איז אריין, דערנאָך דערזעהט ער איהם, און פאלט ארויף אויף יצחק'ן.)

פאָטער! אויפ'ן באַרג מוריה, הייסט גאָט דיך צו שעכטען דאָרט,
דאָך האָט מען נאָר מקריב געווען אַ שעפּס, אויף דיין אָרט.
אָבער מיין יונגען שעפּס האָבען טאַקע חיות צוריסען,
צופליקט, צושלעפּט, ניט געלאָזען קיין ביסען;
ניטאָ שוין דער טורעם, אויף צוועלף זיילען געבויט,
אַ ווינד האָט איינגעבראכען מיין יוסף איז טויט!!

(יצחק זעצט זיך נעבען יעקב אויף א שטוהל, וויינט זעהר פיעל. ענט־פערט איהם מיט זאנפטע, לאנגזאמע, ערענסטע ווערטער).

## יצחק

מיין לעהרע יעקב ; בעטראכט מיט א זינען,
וועט דאס דיר פאר א טרייסט דינען ;
גאט האט בעשאפען זיין וועלט וואס זי געהט,
מיט זיין אייגענעם רצון, ניט געניימערהייט ;
קיינער צווינגט איהם צו בעשאפען א וועלט,
נאר מיט זיין ווילען ווי איהם געפעלט.
אהן דיעזע קליינע וועלט
האט איהם אויך ניט געפעהלט,
גאט האט ניט אין זיך א חסרון,
אז דורך די וועלט איז איהם וואס בעסער געוואָרען ;
היינט וואס לוינט איהם א וועלט ? קענען מיר פרעגען,
וואס נוצט איהם א מענש ? וואס איז איהם דא געלעגען ?
וואס האט ער פון איהם ? וואס טראגט ער איהם איין ?
ער איז אהן איהם געווען, און וועט אהן איהם זיין ;
קענען מיר דאך דערפון ניט אוועקגעהן,
אז די וועלט איז נאר פון מענשענס טובה אליין,
ווארום די גאנצע נאטור צוליעב איהם עקסעסטירט,
דאס איז אלץ אין זיין האנט און דער מענש רעגירט,
און אויב דער טויט זאל שוין זיין דער סוף,
איז דאך דער לעבען ניט קיין טובה, נאר א שטראף ?
ערקלערט דאך אונז דער אייגענער געפיהל,
אז דער מענש איז בעשאפען צו א גרעסערען ציעל,
צו אן ערהאבענעם צוועק געהען אונזערע טריט,
צו א תכלית א הויכען, וועלכען מיר פערשטעהען נאך ניט.
דען כל זמן מיר זענען מיט דעם קערפער אין איינעם,
קענען מיר ניט פערשטעהן דעם תכלית דעם ריינעם,
מיר ווייסען נאר, אז עס איז דא, אבער ניט ווי, ניט וואס,
דען דער שכל איז געגרענעצט מיט א גבול, מיט א מאס,
דרום זיי ניט מתרעם אויף דעם טויט פון דיין קינד ;
צו א העכערען תכלית געהט ער אצינד,
און פיליכט לעבט ער נאך — דאס קען נאך אויך זיין,
און זיינע חלומות וועסטו נאך זעהען פאר'ן שיין,

חכלל דיין צער דריקט מיר, דרום ווייז איך מיט,
אבער גאָטעס פיהרונג פערשטעהען מיר ניט.

יעקב

דער שכל ביים מענשען איז ווי אַ פידעל אין האַנט,
אויב אַ מענש איז ביי איהר, שפּיעלט זי אַ קוראַנט,
מיין טרויער אָבער האָט מיר אַזוי איינגעבויגען,
אַז דער צער האָט דעם שכל אריבערגעוואויגען.
היינט, אז איך בין אליין ביים פידעל ביים שכל ניטאָ,
טאָ וואָסער קוראנט און טרייסטונג געפין איך שוין דאָ,
יאָהרען לאַנג וועל איך דיר יוסף בעדויערען,
ביז צו מיין קבר וועל איך נאָך דיר טרויערן.

(יעקב לעגט דעם קאָפּ אויף אַ זייט, אלע זיהן און שניר לויפען צו מינטערען איהם. יצחק ציטערט פון שרעק און שרייט יעקב! יעקב! מיין קינד! בנימין קושט די האַנט פון יעקב און וויינט יעמערליך).

(ענדע דריטע סצענע).

פ ע ר ט ע ס צ ע נ ע.

(דער וועג קיין בית־לחם. פון ווייטען איז צו זעהען איינינע שטיבלעך פון אפרת, אַ ברייטע לאַנקע מיט הויכע גראָז, אייניגע קעמלען ליגען אויף די קניה און רוהען. די אראבער ליגען נעבען זיי און שלאָפען. יוסף געהט ארום בארפוס און שרעקליך פערקימערט. העמד און פיס געשמידט אין קייטען. קוקט זיך ארום אזוי ווי ער זוכט וואס, און דער־זעהט אַ בוים וועלכער אין איהם איז אַ גרויסער שטיין אריינגעזעצט).

יוסף

מיין מוטערס קבר דאַרף דאָ זיין אין דעם אָרט,
אויב ניט ביי דעם בוים, מיר דוכט, אַז דאָרט.

(יוסף נעהענט זיך צום בוים און לייענט די מצבה).

מצבת

## קבורת רחל אשת יעקב.

דאָ ליגט רחל, איבעראל איז בעקאנט איהר נאָמען,
די פרוי פון יעקב, די מוטער פון יוסף און בנימין.
פיעלע יאָהרען פערגיסט זי טרעהרען,
אַז גאָט זאָל איהר מיט אַ קינד באשערען,
און ווען גאָט האָט איהר געבעט געהערט,
האָט זי נאָך איין קינד פון גאָט בעגערט,
און אז גאָט גיט איהר איהר צווייטען פערלאנגען,
איז זי דאָ אויף דעם וועג צו קינד געגאנגען;
די וועהטאָגען האָבען איהר זעהר געקוועלט,
דאן זעגענט זי זיך מיט איהר וועלט;
איך, יעקב, פערגים טרעהרען טייכען,
אויף איהר וועלכע לאָזט ניט איבער איהר גלייכען,
אויך קיין טרעהר מיר אייביג פעהלט,
ביז איך וועל איהר זעהען אויף די אמת'ע וועלט.

(יוסף שפּארט זיך צום שטיין).

יוסף

אונטער דעם שטיין, מוטער! דיינעביינער ליגען,
ווענינ געניסען מיר פון דיר פערגעניגען,
ווענינ זעטיגען מיר זיך מיט דיין געשטאַלט,
אין דיינע יונגע יאָהרען ביזטו שוין געוואָרען אַלט.
ווענינ האָסטו פון דיין וועלט נחת געהאַט,
מיר האָבען דיין פּנים נאָך ניט אָנגעקוקט זאַט,
מיט דיין בלוט פון הארצען האָסטו מיר געזויגען,
אויף דיינע הענט האָסטו מיר געוואויגען,
און ביי די לעצטע מינוטען פון דיין לעבען,
האָסטו מיין השגחה צום טאַטען איבערגעגעבען,
ער זאָל פון מיר זיין השגחה ניט אראָפּ נעהמען,
מיר זאָלען דיר אין קבר ניט פערשעמען,
מיין פאָטער האָט מקיים געווען דיין צואה,
ער האָט אונז געזעטיגט פון דיין השפּעה,

פון זיין זיידען אברהם די רעכטע וועג,
לערענט ער מיט מיר נעכט מיט טעג,
אַלע מידות טובות אין מיר צו פערפלאנצען,
דעם זיידענס ספר גיט ער מיר איבער אין גאַנצען;
אין אַ זיידענע העמדעל טהוט ער מיר פיהרען,
צום בעוויזו, אַז נאָך זיין טויט זאָל איך רעגירען.
רחל'ס קינדער זענען איהם ליעבער,
דיינע שטייגען דיין שוועסטערס אַריבער;
שטעה אויף טרייע מוטער, גיב אַ קוק אויף דיין קינד!
ער איז שוין אַ קנעכט, און פיהרט קעמלעך אַצינד.
צוקיילט, צובײַלט, יעדערער — אַ פליק, אַ ריס,
אין קייטען געשמידט, הענט און פיס.
מען האָט איהם צוגענומען פון זיין טאַטענס געצעלט,
מען האָט איהם פארשאַרפעט. פערהאַנדעלט פאר געלט.
מוטער טרייע! נעהם מיך צו דיר אין קבר אַריין,
צו וואָס האָסטו געדאַרפט מרעיש עולמות זיין?
צו וואָס האָסטו געדאַרפט וויינען און קלאָגען?
צו וואָס האָסטו קנאה אויף דיין שוועסטער געטראָגען?
אַז גאָט זאָל דיר בענשען מיט אַ זון אויף דער וועלט
אויף אַ קנעכט צו זיין? צו ליידען היץ און קעלט?
צו זאַט זיין מיט שלעק אויף קעמלעך צו טרייבען?
אויף אייביג אין מצרים אַ קנעכט צו פערבלייבען?
געה אַרויף אין הימעל, פאָדער מיין רעכט,
ברידער פערקויפען אַ ברודער פאר אַ קנעכט!
די אויערן איז זיי פערשטאָפט געוואָרען;
מיינע הייסע טרערען שטילט זיי ניט דעם צאָרן,
דאָס איז גאָט'ס רצון, ער טהוט עס פערלאַנגען?
מען וואַרפט מיר אין אַ גרוב, פיעל עגדעשען און שלאַנגען?
מיינע ביינער זענען שיער געוואָרען צושאָטען.
ווי אַ טאָפּ אויפ'ן פייער האָט זייער כעס געזאָטען.
מען רופט מיך שוין ניט בן פורת, נאָר אַנדערע נעמען, —
מען פיהרט מיך פערקויפען, איך וויים ניט צו וועמען;
ווער וועט מיין מילך טרינקען, מיין וואָל שערען,
וואו וועלען מיינע ביינער פערוואַגעלט ווערען?

אויפ'ן שקלאף-מארק דאָרט וועל איך א צייט ליגען,
ביז זיי וועלען אויף מיר א סוחר קריגען.
איז דען יעקב'ס קינד דערצו בעשאַפען,
צו ליגען נאקעטערהייד מיט אלע שקלאַפען.
מיט אלע מורינען, נעגער. יעדערער אכצעט,
נעבען זיי אויף א האָר שטרוי, ליגט יוסף און קרעכצעט,
די אויגען פערגלאָצט צום הימעל, די מויל קיט ערד.
מען וועט איהם טאַפען זיינע גלידער, ווי אן אָקס, ווי א פערד, —
און דערנאָך וועט מען איהם מקריב זיין אויפ'ן מזבח.
גאָט וויים, צו וואס פאר א גזלן, א רוצח,
אנשטאָט אקסען וועט ער דינען, אנשטאָט פערד וועט ער ליידען.
ווען ניט, וועט מען זיין לייב אויף שטיקערווייס שניידען.
אין פעלד וועט מען מיט איהם אַקערען, בראָנען,
דאָרט וועט יוסף זיין טאַטען דערמאָנען.
דו האָסט שטענדיג געצעהלט מיינע ווערטער די קלוגע.
איצט בין איך שוין פעררעכענט פאר משוגע.
פיעל איך שווייג, איז נאָך רק צו קנאפ,
פאר יעדער וואָרט, בעקום איך א קלאפ.
בארוועס, נאקעט, פעראכטעט, פערהאסט,
ביי אכזרים אין די הענט, געשפאנט אין לאסט,
אָט די איצטיגע וויילע בין איך אויך אין שרעק.
באלד טרייבט מען מיך פון דאַנען אוועק.
פערוואָגעלט, פערוואָרפען, פון מיין היים פערטריבען,
ביי וואס איז היינט מיין פאטער געבליבען.
ווער איז זיין נהמה צו זיינע אלטע יאָהרען,
אז זיין בן פורת איז איהם פערלאָרען.
ענטפער מיר מוטער! פון הימעל הויך!
בין איך דען שוין א יתום פון טאַטען אויך?
דען ער האָט דאָך קיין כח צו דערהאלטען די ליידען,
געוויין איך שוין אפנים איצטער אייך ביידען?
וואָס טהוסטו מיין פאָטער! וואס טהוסטו אצינד?
צי דו קלאָגסט איצט אויף יוסף'ן, אויף דיין ליעבסטע קינד?
אָדער דו האסט שוין אָפגעגעבען גאָט דיין נשמה?
און איצטער אין הימעל פאָדערסטו נקמה?

פאר דעם הימעל געריכט טהוסטו איצט שרייען ?
מאַנסט אויף דיין קינד'ס בלוט, ווי הבל פון קין ?
ניין, טרייע עלטערען ! טהו דאָס ניט אצינד ;
זיי וועלען אליין בעקענען זייער גרויסע זינד,
מיינע אלע חלומות זענען אין תהום אריין.
זיי האָבען מיר פערזיכערט א הערשער צו זיין :
צו מיר וועלען זיך בוקען די שטערען פון די הימלען.
איך האָב איצט ממשלה — אבער איבער קעמלען ;
איך האלט איצט א בייטש, אבער איך בין קיין הער.
דער בייטש איז פאר די קעמלען — פאר מיר נאָך מעהר !...
מוטער !דרום האָסטו דיין שוועסטער געווען מקנא,
ווען גאָט האָט איהר מיט קינדער געווען מהנה ; —
ווייל דו האָסט געוואוסט בנבואה דעם אופן,
אַז איהרע קינדער וועלען דיין קינד פערקויפען ?
ניין, טרייע מוטער !איך האָב שוין קיין קראפט ;
איך בלייב דאָ ליגען, ביי דיין קבר פערשלאָפט.
דאָס הארץ ווערט מיר שוואך, דאָס בלוט ווערט אנטשטאַנען,
איינציגער גאָט ! נעהם מיך שוין ניט צו פון דאנען.
איך שפיר שוין קיין לעבען, קיין גליד, קיין אבר,—
אָה, ווי זיס איז צו שטארבען נעבען דיין קבר,
געשמאַק איז דער טויט, ווען ער קומט אין נויט
נעבען דיר מוטער, בלייב איך טויט...

(יוסף פאלט אין אונמאכט אויפ'ן קבר. טויט, שטיל ווערט אויף דער סצענע, אין אייניגע מינוטען ארום וואכט ער זיך זעהר לאנגזאם אויף. עפענט די אויגען, קוקט זיך ארום, האלט זיך אַן פאר דעם בוים, ביז ער שטעלט זיך אויף די פיס. א שרעקליכער זיפץ מיט א שוידערליכען קרעכץ געהט איהם פון זיין הארץ ארויס. רעדט דיעזע ווערטער מיט א גאנץ שוואכע שטימע).

פירכטערליך איז דיין שטראַף, גאָט פון נקמה !
אָבער נאָך זיסער איז דערנאָך דיין נחמה,
שטראפסט מיט צאָרען, וועלטען ציטערען פאר דיין רוט,
אָבער דערנאָך דיין טרייסט ווי זיס, ווי גוט.
דיין רוט, דיין כעס, מוז מען טראגען מיט געדולד,

דען דו האסט חלילה, אין שלעכטעס קיין שולד.
ווען דו ווייזט דיין ליעב פּנים, דיין פריינדליכע מינע,
פערגעסט מען שוין נקמה, קנאה און שנאה.
וואויל דעם מענשען, וועלכער צו דיר האָפט ;
זאָ אויך דאמאָלס, ווען ער ווערט געשטראפט.
דאָס גיט איהם קרעפטען, צו דערהאַלטען די לייד,
ווען ער טרינקט זיך אין צרות, איז ער פול מיט פרייד.
איך האָב געהערט א טרייסט, איצטער אין שלאָף,
מיין מוטער שרייט צו מיר: האָף, יוסף! האָף!
„ניט דאָס איז דיין ענדע, ניט דאָס איז דיין סוף ;
„פערלייד מיט געדולד זיין רוט, זיין שטראָף,
„דיינע האָפענונגען אלע וועסטו נאָך זעהען קלאָר ;
„דיינע טרוימען אלע וועסטו נאָך זעהען אויפ'ן וואָהר.
„כמעט א קעניגליכען צעפּטער וועסטו האלטען אין האנט,
„וועסט יאָהרען לאנג הערשען אויף א גאנצע לאנד ;
„ביי דיינע ברידער, וועסטו זיין דער גביר,
„דיין אלטער טאַטע וועט אויך קומען צו דיר.
„מען פיהרט פאָראויס די קאלב אליין,
„דאן וועט שוין די מוטער ממילא נאָכגעהן.
„גאָטעס פיהרונג איז פון מענשען פערשטעלט,
„געהסט קיין מצרים, אבער צו שפייזען א וועלט.
„שפעטער וועט דיר פרעהען דיין איצטיגער בראך,
„נאָר טראג מיט געדולד זיין לאסט, זיין יאָך".
אָט די טייערע ווערטער האָב איך איצטער געהערט,
ווען איך בין געלעגען אין אונמאכט אויף דער ערד.
ווי דער ריינער בוימעל אויף א קראנקע הארץ,
איז מיר די ווערטער צו מיין פיין און שמארץ.
איינס קעגען דאָס אנדערע האָסטו גאָט געגעבען,
ווען ניט דער טויט, ווי שפירט מען דעם לעבען ;
ווען ניט דער אָסטראָג, ווי שפירט מען חירות;
ווען ניט דער דלות, ווי שפירט מען עשירות;
ווען ניט העסליך, ווי שפירט מען פיין ;
ווען ניט פינסטער, ווי שפירט מען די שיין ;
ווען ניט שקלאַווערייַ, ווי שפירט מען פריי ;

ווען ניט פאלש, ווי שפירט מען טריי;
ווען ניט נאכט, ווי שפירט מען דאָס ליכט;
איינס קעגען די צווייטע, וועגט דאָס געוויכט.
די זאנפטע ווערטער וועלען מיך בעגלייטען
אין אלע געפאהרען, אין אלע נויטען;
דיינע רייד גיט קרעפטען אין אלע גלידער;
איך פערגעהס שוין נקמה, שנאה אויף ברידער;
דיין טרייסט היילט ווי בוימעל, ווי פוטער, —
און פריעד צו דיין נשמה, מיין הייליגע מוטער...

(אונטער דער צייט וואס יוסף האט דא גערערט, וואכען זיך אויף די אראבער און געפינען יוסף'ן ניט. איינער דערזעהט איהם פון ווייטען. ער לויפט מיט א שטעקען צו יוסף'ן, און טרעפט איהם ביי זיינע לעצטע ווערטער „מיין הייליגע מוטער". ער כאפט יוסף'ן ביים קארק און שלאגט איהם אונערבארעמליך. יוסף שרייט, דער אראבער שלעפט איהם צו די קאמפאניע).

## דער אַראַבער

די לייט פון כנען האָבען אונז זעהר בעטראָגען,
אַז דיזער יונג האָט נאָר איין פעהלער געקראָגען;
ער האָט דאָך אין קאָפּ אַ גאַנצען שום:
זעהט נאָר ווי דיזער יונג איז דום:
שטעהט ביי א בוים אָנגעשפארט אָן א שטיין, —
און שרייט: מוטער, מוטער מיט גרוים געוויין.

## אַלע

וואַרט ברודער, מיר זענען נאָך ניט פּטור.
מאָרגען וועט ער נאָך שרייען צו א האָלץ: פאטער.

(אלע לאכען זיך פאנאנדער, דער פארהאנג פאלט).

(ענדע ערשטער אקט).

# צווייטער אַקט.

(אין א יאהר ארום).

(דער גארטען פון פוטיפר אין מצרים. א גארטען מיט געפלאנצ־טע בוימער. יוסף בעגיסט די בייטען מיט וואסער. געהט געקליידעט א שווארצע טוכענע שובע אויף זיין בלאָע העמד. זיין מיץ ארומגע־וויקעלט מיט א רויטער שאל. אסנת זיצט ביי א בוים און פלעכט א קרענצעל בלומען. א פרייליין אלט בערך א יאהר 15, א קורצע, זיידענע רויטע קלייד פערדעקט איהר לייב, און איהרע צעפ זיינען קליינע גאלדענע גלעקלעך איינגעפלאכטען. אויף איהרע אויערען הענגען גרויסע רינגען. א שווארצער טול פערדעקט איהר גע־זיכט. פון די לעדערנע פאדעסוועס ציהען זיך שווארצע בענדלעך, וועלכע וויקלען ארום איהרע פיס ביז די קניה. אויף איהר האלז הייגנט א קליינע דריי־קאנטיגע בלעכעל. קענטיג, אז עס ליגט וואס איגעווייניג).

**אסנת**

נעכטען זענען געסט ביי אונז געוועזן.
איהר געפעלט זיי מיט דעם ערשטען מאָל זעהען.
וואו איהר גיט אייך אַ קעהר, א בויג, —
לאָזען זיי פון אייך ניט אראָפּ די אויג.
זייט מצרים שטעהט, זייט זיי לעבען, —
שווערען זיי, האָט נאָך אַזאַ קנעכט ניט געגעבען;
זעלבסט אונטער פירשטען און גראפען,
האָט נאָך אזא שעהנהייט ניט געטראָפען;
דער פאטער האָט אייך פאר זיי געלויבט,
אז איהר זייט ביי איהם אזוי פיעל בעגלויבט,
אַז די גאנצע ווירטשאפט גיט ער אייך איבער,
פון מיר, זיין קינד, זייט איהר איהם ליעבער;

איהר זייט קלוג, געשיקט, ארבייטזאם און טריי,
דאצו א בעל נאמנות, עהרליך דערבײ;
דען וואו טרעפט עס ביי שקלאווען אדער שקלאווינען,
זיי זאלען זיין עהרליך און טריי דינען,
און צייט גאָט האָט אייך צו אונז געשיקט,
איז אונזער הויז געוואָרען בעגליקט;
די הצלחה געהט אייך מיט איבעראל:
אין פעלד, אין הויז, אין קאפּיטאל.
די געסט האָבען מיר אלע היילינקייט געשוואָרען,
דאָס איהר מוזט ניט זיין א קנעכט פון געבאָרען.
איך וואלט מיך שעצען גליקליך, ווען איהר וואלט מיר זאגען,
וואָסער ווינד עס האָט אייך אהער פערטראָגען.

(יוסף לעגט אוועק דעם קרוג, נעמט א קליינע רידעל צו פערגלייכען די ערד).

## יוסף

איך האָב ביז יעצט פערהוילען
מיין געשיכטע צו דערצעהלען.
איך האָב שוין א יאָהר ביי אייך פערבראכט
און מיין געשיכטע פאר קיינעם ניט געדאכט,
ווער מיינע עלטערען זענען, ווער איך אליין
דורך וואסער אורזאך איך קום אהער צו געהן;
דען וואס מאכט עס דעם ווירט אויס,
פון וואס פאר א פאמיליע זיין קנעכט קומט ארויס.
ער איז וועניגער געאכט פון די אראבישע פערד,
ביי זיי האָט דאָך יחוס א ווערטה;
יעדער פערד האָט זיין יחוס־בריעף, זיין פעטשאַט.
וואָס פאר א טאַטען, וואס פאר א מאמען ער האָט געהאט,
און א קנעכט אין מצרים איז אייביג פערשאָלטען;
זיין יחוס האָט קיינמאָל אין מצרים ניט געגאָלטען.
וועה איז צו מיר, וועה איז צו מיינע יאָהרען,
אז מיין יחוס קומט מיר אויף זכרון.
אז איך דערמאָן מיך מיין טאַטען, מיין מאמען,
מיין זיידען אויך מיין עלטער־זיידען צוזאמען.

איך רוה ניט ביי טאג איך רוה ניט ביי נאכט,
אז איך נעהם מיר מיין יחוס אין אכט.
מיין אלטער טאטע, אז עס קומט מיר אויפ'ן זינען,
מיין יונגע מאמע, וועלכע מיר האָט געוואונען...

(אסנת נעמט ארוים איהר שנופּ־טוך און ווישט די אויגען. יוסף שפּארט זיך אָן אויף א בוים און וויינט יאמערליך).

## אסנת

א שאָדען כ'לעבען אייער שעהנע געזיכט
זאָל ווערען אין טרערען איינגעריכט.

## יוסף

א שאָדען כ'לעבען אויף רחל'ס טרערען,
פון איהר קינד וואס קען היינט ווערען!
א שאדען כ'לעבען אויף יעקב'ס קינד,
וואָס זיינע זיפצען פערטראגט דער ווינד.
מיינע טרעהרען זעהען די בוימער, די בייטען
דער ווינד העלפט מיר, מיט א קרעכץ באגלייטען;
אייערע בלומען, וועלכע איהר פלעכט
אין פייכטען גארטען, איז זיי ניט שלעכט;
עס בליהען די קנאָספען אין אלע קאָלירען
דעם גאנצען גארטען אויסצוצירען.
רייסט מען זיי אוים, וואס ווערט פון זיי?
וועלקען, דארען ווי טרוקענע שטרוי.
אזוי ליג איך דאָ פערוועלקטערהייד,
זייט איך בין פון דער היים געשייד.

## אסנת

איך גלויב דאָס אייך איז ביי אונז גאָר ניט שלעכט,
וואָס אייך מאנגעלט אזוי דער נאָמען קנעכט.

## יוסף

מיין גאם לאזט מיר דאָך ניט געהן פארלאָרען,
געווים איז מיר בעסער ווי פאר א יאהרען,

בשעת די אראבער האָבען מיר געבראכט.
„דאָ בין איך שוין פערפאלען“ — האָב איך ביי זיך געטראכט,—
בשעת מען האָט מיר צום פערקויפען געהאלטען
אויפ'ן שקלאווען־מארק, וועלכער איז פול מיט גוואלטען
ביז צוויי טויזענד שקלאפען זענען מיר אויף דער ערד געלעגען
געשמידט אין קייטען, ארום חיל מיט דעגען;
הוילע, נאַקעטע, ווי מען פערקויפט פערד,
אויף עטליכע שטרוי געוואַלגערט זיך אויף דער ערד;
דאָ ליגט א פרוי געבונדען, פאר וואכען א קינפעטאָרין,
זי ווייס ניט אפילו וואס מיט איהר קינד איז געוואָרען,
מען האָט איהר גע'גנב'עט פון איהר הויז ביי־נאַכט,
און אהער אין מצרים פאר א שקלאווען געבראכט.
זי קרעכצט און שרייט מיט איהרע כוחות די שוואכע,
נאָר די צוויי ווערטער: גאָט!! ראכע!!
דאָ שרייט א געבונדענע מיידעל צו גאָט פון אויבען
מען זאל חלילה איהר אָרענטליכקייט ניט בערויבען;
אין יענעם ווינקעל מארק איז ווידער צו זעהען
ליגט א גרייז אלטער, געפאנגען אין פלעז,
און שרייט מיט קולות, — „אוי, איך בין פארביי;
מען וויל מיך הרג'ענען, ווייל איך טויג ניט צו שקלאווערייי.“—
דאָרט פיהרט מען א קינד, נאָך א פירכטערליכע דאמע,
דאָס קינד שרייט מיט קולות: „וואו איז מיין מאמע!!“
און וואס זאגט יוסף? מן הסתם ביזטו גאָט גערעכט,
רחל'ס ציטעריגע קינד, איז אין מצרים א קנעכט;
און ווען קימערט עס דער גאנצער געשריי!
סוחרים בעקוקען די שקלאַווען, ווי פערד בעקוקט מען זיי,
פון פאָרענט, פון הינטען,
פון אויבען, פון אונטען,
די פלייצע, דעם גוף,
פון אונטען ביז ארויף;
דער טאַפּט איהם די זייטען,
דער בעטראכט איהם פון ווייטען,
דער קנייטשט איהם די פיס, דער קוועטשט איהם דעם קאָרק,
דער פרואווט איהם, און הייסט איהם לויפען אויפ'ן מארק,

נאָר מיט גאָטעס הילפע, ווער איך פון זיי לויז,
און אייער פאָטער ברייגנט מיך צו זיך אין הויז,
און דאָ וואס פון טאָג, ווער איך ליעבער,
ביז די גאנצע ווירטשאפט גיט ער מיר איבער;
פערשאפט זיך מיט אלעס, איך בין זיין האנט;
אין קייזערליכען הויף בין איך שוין אויך בעקאנט;
נאָר עס מעג מיר זיין, ווער ווייסט ווי גוט,
ביינק איך נאָך מיין טאטען, עס שטילט ניט מיין בלוט.

(עס קומט אריין איז גארטען זליכה, פוטיפרס פרוי. נאָך איהר — עלוקה, האלט אין האנט א זון־שירעם איבער דעם קאָפ פון זליכה. ז שטעלט זיך קעגען יוסף'ן).

**זליכה**

וואָס טהוט איהר איצט, יוסף?

**יוסף**

איך מאך צורעכט דעם בייט.

**זליכה**

לעגט אנידער די רידעל, א ווייִלע שטעהט!

**זליכה**

(צו אסנת).

אסנת! געה מיין קינד די גיטארע ברייגנען, —
יוסף וועט אונז עטוואס שפילען און זינגען!

(אסנת נעמט מיט עלוקה'ן, זיי געהען אוועק ברייגנען די גיטארע).

**זליכה**

אָך, ווי שעהן זייט איהר, יוסף, ווי אדעל, ווי רייך,
ווי ליעב זייט איהר, ווער איז צו אייך גלייך;
זעה איך פון אייך א פריינדליכען בליק,
לעב איך שוין אָפּ, איך בין שוין ביים גליק;
ווערט איהר פון מיר ווייט אויף צוויי מינוט גרויס,
בלייב איך ווי שטיין, איך האלט עס ניט אויס.

וואס זיינט איהר איצט, פעראנגסט, פעראומערט?
וועלכע זארגען האָבען אייך פערקומערט? —

יוסף

האָט איהר מיר דען ווען
פרעהליכער געזעהען?
אין מיין געזיכט, ווען איינער קוקט אריין,
מען זעהט יוסף שמייכעלט, לאכט —
איז נאָר ווי פון א בליץ די שיין
אין א פינסטערע דונער־נאכט.
נאָר איך שטעל מיר פאָר, אין מיין זארגען
די שעהנסטע בילדער אין פריידען־שאל,
ווי דער שלעפעדיגער, אין פריהמארגען,
האָרכט די שטים פון נאַכטיגאל

(עס הערט זיך א שטים רופט זליכה'ן. זליכה געהט גיך ארויס פון גארטען).

יוסף

(אליין).

מיר דוכט איהר חנפ'ענען, איהר ליעבען מיך, איהר לאכען,
וועט דאָך פון מיר אן ענדע מאכען.

(ער הויבט אויף די אויגען צום הימעל).

דיינע ווערקע גאָט ווי וואונדער, ווי גרויס?
פון דעם בין מיט זיין גיפט ניסטו האָניג ארויס;
דעם זיסען עפעל, פון דעם בלאט וועלכע איז ביטער,
און אזא טייער קינד, פון א שלעכטע מוטער
פון די פערפלוכטע זליכה, פול מיט פאלשקייט, מיט זינד,
פון איהר וואקסט אוים אסנת, דאָס ליעבע קינד.
וואָס דו האסט געוואָלט גאט! האָסטו שוין געמאכט פון מיר,
די צוויי זאכען פערלאנג איך כאָטש פון דיר:
זיי מיך מציל פון זליכה'ן, די בייזע שלאנג,
און גיב מיר איהר קינד פאר א פרוי, דאָס איז מיין פערלאנג.
איך וואלט איהר געלערענט דיין הייליגען גלויבען,
אוןביידע צוזאמען וואלטען מיר דיר אייביג לויבען.

(אסנת קומט אריין מיט די גיטארע אין האנט. דערלאנגט יוסף'ן).

## אסנת

שפּילט עטוואס, יוסף!

(יוסף זיפצט זיך אפּ זעהר).

## אסנת

וואס מאנגעלט אייך אזוי דער נאָמען קנעכט,
איך גלויב דאָס אייך איז ביי אונז גאָר ניט אזוי שלעכט.

(יוסף נעמט די גיטארע איז האנט. שפּילט און זינגט).

1.

ניט מיינט דאָס איך בין אויסען זינען,
ניט מיינט דאָס איך ווייס ניט וואס איך וויל;
ווען מיר זאל דער גרעסטער גליק געפינען,
קען דאָך מיין הארץ ניט בלייבען שטיל.

2.

דער צווייג וואָס איז פון בוים געריסען, —
וואסער גליק קען איהם שוין קומען; —
ער קען שוין קיין פריידע ניט געניסען,
אזוי אויך ווען ער ליגט צווישען בלומען.

3.

דער שניי וואס פאלט אראָפּ פון אויבען,
צוריק קען ער זיך ניט אומקעהרען,
מען זאל זיין פּראכט און קלאָרהייט לויבען,
דאָך צושמעלצט ער זיך אין טרערען.

4.

דער לייב דער שטארקסטער פון די טירען,
אין די לאנד וואו ער איז ניט געבאָרען,
זיין מוט קען דאָרט ניט עקסעסטירען,
זיין קראפט און מאכט האָט ער פערלאָרען.

5.

דער נאכטיגאל, וועלכער טהוט פעררייזען,
זיין שיקזאל האָט איהם געהייסען געהן;

זיין געזאנג קען ער דאָרט ניט ווייזען,
זיין ליעד איז נאָר זיין זיפץ אליין.

6.

געריסען בין איך געוואָרען פון מיין בוים,
פון מיין הימעל געפאלען ווי דער שניי;
דער לייב ליגט אין א פרעמדען רוים,
דער נאַכטיגאל ווייט פון נעסט, אוי ווערה!

### אסנת

גענוג שוין, יוסף'ן טרערען צוגיסען!
דאָס הארץ ווערט מיר אויסגעריסען.
ווער קען עס אויסהאַלטען, ווער קען עס פערטראָגען.
אייערע הייסע טרערען וויינען און קלאָגען,
דאָס ריהרט דאָך אויף אין פעלד א שטיין,
בפרט אזא יונגע מיידעל ווי איך אליין.
איך בעשווער אייך יוסף, מיט אלער הייליגקייט,
צו דערצעהלען מיר דעם שיקזאל פון אייער צייט
וואָסער שטורעם עס האָט אייך אהער פערטראָגען,
ווער אייערע עלטערען זענען, זאלט איהר מיר זאגען.

(יוסף בעגיסט זיינע אויגען, בעדיינקט זיך א קליין ווײַלע).

### יוסף

איך וועל אייך מיין געשיכטע דערצעהלען מיט שרעקען,
נאָר איהר זאלט עס פאר קיינעם ניט ענטדעקען.

(עלוקה קומט אריין אין גארטען. געהט צו יוסף'ן).

### עלוקה

די ווירטין רופט אייך.

(צו אסנת).

און דו קום אויך גלייך.

(זיי געהען אלע ארוים).

(ענדע פיערטע סצענע).

# זעקסטע סצענע.

דער קאבינעט פון זליכה׳ן.

(אויף דער וואנט הייננט א גאלדענער טאץ א גרויסער, א זאפע, דערביי א טישעל. ביי איין זייט צימער שטעהט די געטין עשתורת פון שטיין געהאקט, אויף א מארמאר שטיינערנעם פונדא־מענט. זעהט אויס ווי א פרוי מיט פיעל בריסט אויף איהר הארצען. פון שטערען געהען איהר הערנער ארויס, אין איין האנט האלט זי א קרוג, אין דער צווייטער האנט א קלינג־בלעך מיט א שטעקעל צום קלינגען. אנטקעגען דעם גאלדענעם טאץ שפיגעלט זיך זליכה, א פרוי אלט בערך א יאהר דרייסיג. אין א בלאה זייי־דענע קלייד, זי נעמט פון טישעל א פלעשעל רויזען־וואסער און וואשט ארום איהר געזיכט. רויכערט אויס א קליין שטיקעל אלאען־האלץ. קוקט זיך ווידער איין אין גאלדענעם טאץ, פער־ריכט דעם טואַלעט. שמייכעלט זיך מיט א פאנטאזיע).

## זליכה

כ׳לעבען, זליכה איז נאך שעהן, נאך גאר א יונגע פריילין.
ווער הייסט עס זליכה׳ן, איהרע יאהרען צעהלען!
דאס געזיכט איז שעהן, קרעפטיג אומעטום,
די באקען — רויט, די ליפען ווי א בלום;
די טאליע, דער פאשאן, ווי מעסיג, ווי גלייך.
דער וואוקס ווי א בוים, אך — ווי רייך!
דער פנים קלאר, די אויגען גלאנצען;
און צו וועמען געהערט זי אין גאנצען?
מיט וועמען איז זי גענויט צו לעבען?
וועמען מוז זי איהר ליעבע געבען?
מיט אן אלטען מאן, אהן פלייש, אהן ביינער,
אויפ׳ן קאפ קיין האר, — אין מויל קיין צייהנער;
די הויט הייננט, קנייטשען אויפ׳ן שטערען;
די ליפען — נעצט, די אויגען־טרערען.
דא גיט ער א הוסט, ברעכט ער מויערען;

דאָ גיט ער א גענעץ, פערטויבט ער די אויערען.
עטוואס צו הײם, איז איהם שוין א חסרון,
עטוואס א ווינד, ווערט ער פערפראָרען,
און אזעלכען ווילט זיך מיר פאר א פרוי,
אזוי א יוגענד ווי איך, איז דאָס גוט אזוי?
און ער איז דער הערשער, ער איז דער הער;
ער היט מײנע טריט, וואו איך גיב זיך א קעהר,
שלעכט, א פערקעהרט וועלט!
כ׳לעבען גאָר אָהן שכל געשטעלט, —
אויבען די פיס, אונטען דער קאָפּ;
די ערד ארויף, דער הימעל — אַראָפּ,
די העסליכע מענער,
די דארע שפענער,
מיט די פערוואקסענע בערד,
ווי דער עק פון א פערד,
שאלטען, וואלטען
דעם בײטש צו האלטען;
און די פרויען די שעהנע,
די הערליכע, די רײנע,
די צארטע, די אײדעלע,
פון נאַטור די שעהנסטע זארטען,
ווי דער שעהנער סעדעלע,
ווי די בלומען אין גארטען, —
זאָלען זײ זײן געצוואונגען
צו די העסליכע יונגען.
זײ מעגען נעהמען וויפיעל פרויען זײ געפעלט, —
אונז איז דער פערגעניגען פערשטעלט,
אלײן צו געהן האָבען זײ מורא צו טרויען,
אין הארעם פערשפארט מען די עלענדע פרויען;
מיט טול מוז מען געהן דאָס געזיכט פערשטעלט;
מען טאָר נאָך ניט אָנקוקען די ליכטיגע וועלט.
זעלבסט בײם קעניג אין הויף איז אויך ניט בעסער
פערשפארען די פרויען אונטער טויזענד שלעסער.
די אלע דינער וואס ווערט צו זײ געבראכט,

האָט מען זיי פריהער פאר אוּנמאנזבילען געמאכט;
עס איז זיי פערוועהרט מיט א פרעמדען א וואָרט צו ריידען,
ווען ניט איז זי גרייט צו געברענטע ליידען.
אָח! איהר מיידלעך פון מצרים, אייער שיקזאל ווי ביטער!
בעקומט איהר נאָר א מאן, האָט איהר שוין א היטער;
אייערע פאָטערס צאָהלט מען צו, אייך קויפט מען אָפּ;
מען פערקויפט אייך ווי שקלאווינען, מען צאָהלט פון קאָפּ;
איהר האָט אפילו קיין דעה ניט צו זעהען פאָראויס דעם חתן,
נאָר דאמאָלס, ווען איהר זייט שוין אין הארעם פערשלאָסען;
ווי חיות אין די גראטעס בעהאַנדעלט מען זיי,
אָט א פערשאָלטענע געשלעכט, אז אָך און אז ווע!

(זי נעמט א ווייס־פלאקסענעם ליילעך און דעקט אריבער די נעטין).

## זליכה

עס פאסט ניט גאט זאל הערען די רייד,
ליבערשט פערדעק איך איהם מיט א קלייד.

(זי געהט ארום איבער׳ן שטוב מיט פאנטאזיען).

אָבער ניין, און דוקא ניין,
זי איז ניט געשוואָרען צו איהם אליין.
כ׳לעבען די הערען פערגרייזען,
זיי מעגען איהר פערשפארען אין אייזען,
הענד און פיס שמיעדען אין קייטען,
דעם גייסט אבער קען מען ניט נויטען;
וואָס זי וועט פערלאנגען,
וועט זי שוין דערלאנגען;
זי וועט שוין קריגען
איהרע פערגעניגען;
איהרע הערען,
וועלכע זי איז גערען,
איהר מעגט אייך אין שטייגעל
פערשפארען די פייגעל, —
ליעבט איהר,
גלעט איהר,
גיט איהר זיסע זאכען;

זינגט איהר,
פייפט איהר, — —
זי וועט אייך אויסלאכען;
נאָר א ווײלע די טירעלע אָפען
אהאָ די פייגעלע איז שוין אנטלאָפען.

(פון איהר פאנטאזיע לויפט זי אליין צו צום טיר. פלוצלונג קומט אַז פוטיפר, א מאן בערך א יאהר 60, אין א לאנגען בלאָען מאנטעל מיט א ברייטען גרינעם גארטעל, וואס אין איהם שטעקט א גרויסער קינש־זאל. אויפ'ן קאָפּ א גרינער טורבאן. ער וויל פרעגען זליכה'ן וואו זי לויפט, נאָר ער הוסט זיך שטארק פערנאנדער: אוהו, אוהו, אוהו! ווי עס לאָזט איהם עטוואס אָפּ, פרעגט ער זליכה'ן מיט האסט).

## פוטיפר

וואו לויפסטו?

(זליכה ווערט ערשוינט פון איהר פאנטאזיע. זי בלייבט שטעהן א קליינע ווײלע שטיל, זוכט ווערטער צו ענטפערען איהם).

## זליכה

איך בין... גאָר ניט... ע־ע... ניט געזונט....
גלאַט אזוי.. איך ווײס?... עפּעס... דער קאָפּ־רונד...
איך האָב קיין אפּעטיט... קיין קראפט, קיין מאכט,
ע...פּעס גאָר ניט געזונט, ניט פאר דיר געדאכט...

## פוטיפר

געה דיר צום נילוס, דאָרט איז פריי דער וועטער,
נעם מיט עלוקה'ן... אוהו... קום אַ ווײלע שפּעטער.
היינט וואַרפט מען פיער מענשען, פיער קראקאדילען;
קענסט אויך געהן זעהען... אוהו, אויב דו וועסט וועלען.

(פוטיפר הוסט שטארק: אוהו, אוהו, אוהו!).

## זליכה

(שטילערהייד).

מען האָט מיר שוין געוואָרפען פאר א קראקאדיל;
ער זעטיגט זיך געננוג מיט מיין פלייש און פעל.

(פוטיפר טוט זיך אן פאראדנע קליידער. זליכה קוקט אויף איהם מיט האַס).

פוטיפר

קום אונטער שפּעטער, ווענסט קוקען פון ווייטען,
איך מוז יעצט צום פּאַראַד רייטען.

(ער געהט ארוים פון טיר).

זליכה

(אלס פוטיפר איז ארוים פון שטוב).

ניין, דו העסליכער טיפּאַן, איך בין ניט דיין!
דו הערשט אויף מיין קערפּער — דאָס הארץ איז מיין.
מיין לייב איז פערקויפט, אבער ניט מיין געפיהל,
מיין גייסט איז מיינער, איך ליעב וועמען איך וויל!
דער טויט מיט דעם לעבען שטעהט דאָ מיר פּאָר.
פוטיפר מיט יוסף'ן, ניט א גלייכע פּאָר?!
א דינערען ביי דיר, יוסף, און צו זעהען דיין שיין,
איידער ביי דעם פוטיפר, אַ ווירטין צו זיין.
ווער עס זאגט דו ביזט א קנעכט, דער איז אַ נאַר.
חא, חא, חא, יוסף א קנעכט — און פוטיפר א האר!
ניין, דער וואס איז שעהן, דער איז דער הער.
און כאראקטער דערצו, וואס דארף מען מעהר!
אָה! דו שעהנער יוסף! דו ענגעל פון גאָט!
ביזט געפעהרליך, ווער נאָר א ליעבעס געפיהל האָט.
ניט פּי־בסת, אָסור, ניין, ניין!
די געטין פון שעהנהייט ביזטו יוסף אליין!

(זי נעמט אראפּ א האַרף, זעצט זיך אויפ'ן זאפע. קלינגט אן מיט דעם גלעקעל. עזובה לויפט אריין).

עזובה

וואָס ווינשט איהר מאדאם?

זליכה

רוף מיך פון גארטען יוסף'ן אהער.

(עזובה לויפט ארוים, זליכה שפּילט און זינגט).

## זליכה׳ס ליעד




1.

אך, מיין הארץ, מיין הארץ ציהט צו דיר.
דער פייער פון יוסף, ברענט אָן א שיער;
דיין טאָליע, דיין מינע, דיין גאנצער פאסאָן,
פערגיפטעט דאָס הארץ, וועלכע דיר קאָן.

2.

דיין ליעבליכע אויג, דיין בליק וואָס איז טריי,
ברענט אין מיין הארצען, איך בין גאָר פארביי;
דיין שטעל מיט׳ן פיס, דיין קעהר, דיין ריהר,
די געטין פון שעהנהייט, איך ליעב זעהר דיר.

3.

גאָט! גיב יעדערען נאָך זיין פערלאנג,
דעם רייכטהום, צירונג, דעם א שעהנעם גאנג;
מיר גיב א קליין שטיבעל אויף דעם גראָז דעם גרינען,
נאָר איך מיט מיין וואונש זאלען וואוינען דערינען.

4.

איך וואלט מיר גאנץ פלייסיג, ארבייטען מיין פעלד,
זייען, שניידען, אלעס הער, אלעם העלד;
נאָר דיזע טרייסט, איז מיר שוין קיין זאך ניט שווער,
דאָס איך בין די פרוי, און יוסף מיין הער.

5.

נאָר צווישען אונזביידען געהט א שרעקליכער טייך,
די שטראָמען, די כוואַליעס פליסען זיך גלייך;
דו צונעמסט מיך פון ווייטען, איך קען צו דיר ניט קומען,
איך וואָלט גערן אריבער, איך קען אָבער ניט שווימען.

6.

אַח, דו וואסער! טריקען דיך איין,
וואָלט איך צו איהם אריבער, דאָרטען צו זיין.
דערנאָך זאל דער שטראָם, נאָך שטארקער דיר טראָגען,
דאן וואלט דאָרט קיינער, מיין וואונש ניט צושלאָגען.

7.

ווי איך טהו נאָר א דרעמעל, קומסטו מיר גלייך פאָר:
דאָ שטעהסטו, דאָ לויפסטו, איך זעה דיר ניט קלאָר;
אנטלויף ניט זיסער טרוים, האלט, א ווייל, האלט!
לאָז מיר זיך זעטיגען מיט יוסף׳ס געשטאלט.

8.

אויף וועמען איך קוק, — דיר האלט איך אין זינען;
דאָ אויף דער ערד קען איך דיין גלייכען ניט געפינען;
מעהר ניט אין הימעל, אין די זון ביזטו אויך,
איך קען אבער ניט גרייכען, עס איז זעהר הויך.

(עס קומט אריין יוסף. זליכה לענגט אוועק דעם הארף אויפ׳ן טישעל).

## יוסף

וואָס ווינשט איהר מאדאם?

## זליכה

וואס איך ווינש, וואס איך פערלאנג פון דיר!
דיין געזיכט צו זעהען, און גענוג פאר מיר.

(יוסף לאזט אראפּ די אויגען צו דער ערד).

## זליכה

אַ וועלט מיט שקר, ניטאָ היינט קיין רעכט,
פוטיפר א האר, און יוסף א קנעכט!
איך וואלט צוואנציג פוטיפרס פון הארצען פעריאגען,
נאָר דו זאלסט מיר דעם ווארט „יא“ זאגען.

(יוסף ענטפערט איהר ניט אויף דעם, נאר ער בעטראכט דעם נאָט עשתורת ווי ער איז פערדעקט).

### יוסף

וואָס איז דען די געטער אָפּגעגאַנגען,
אַז איהר האָט זיי מיט אַ ליילאַך פערהאַנגען?

### זליכה

ווייל דאָס שטעהט פאר זיי ניט אָן,
זיי זאלען זעהען, וואס מיר ווילען דאָ טאָן.

### יוסף

אָט אַזעלכע געטער איז גוט, פאר מצרים קען עס טויגען.
מען וויל טהאָן וואס ניט רעכט, פערשטעלט מען זיי די אויגען;
וואָס זאל איך אבער מיט מיין גאָט טהאָן,
וואָס ביי איהם געהט אַזעלכע קונצען ניט אָן.
קיין פערבאָרגענהייט איז פון מיין גאָט פערשטעלט;
זיין הייליגע אויג קוקט אויף דער גאַנצער וועלט;
ער זעהט גאַנץ ריכטיג,
סיי פינסטער, סיי ליכטיג, —
די אויג שפּירט, די אויג זעהט
יעדע זינד, יעדען חטא.
דרום געֶנוג שוין, מאַדאַם, פון דעם צו ריידען,
וועט זיכער גלייכער זיין פאר אונז ביידען;
ווי קען איך אלס דינער זאָ אומטריי זיין,
מיין הער גיט מיר איבער אלעס אין האַנט אריין;
זיין גאַנצע ווירטשאַפט האָט ער מיר געטרויט,
ער ווייס פון קיין זאך, אויסער זיין ברויט;
זאָל איך חלילה זיין אונטריי אַזוי,
דאָס איך זאל נאָך פערלאַנגען זיין פרוי?
וואַרפט אַוועק, מאַדאַם, דעם דומען געדאַנק,
אייער אומזיסטע מיה טהוט מיר גאָר באַנג.

### זליכה

(מיט צאָרן).

און ווען איך וועל דיר לאַזען אין קייטען שמידען,
וועסטו דאַמאָלס בעסער זיין צופריעדען?

יוסף

(יוסף קעהרט זיך אום צום טיר צום אוועקגעהן).

יוסף

דער גאָט וואס האָט מציל געוועזן פון פייער מיין זיידען,
דער וועט מיך מציל זיין פון אלע ליידען.

(יוסף עפענט די טיר, געהט ארויס. זליכה רופט איהם: יוסף! יוסף!).

(ענדע זעקסטע סצענע)

## זיבעטע סצענע.

פוטיפאר'ס שפאציר־גארטען אקארשט באגינען.

(א גארטען געפלאנצט אלערליי בוימער. אין מיטען א גראבען פון וואסער, וועלכע אלע בוימער טרינקען פון איהם. פון די זייטען שטעהען אלע געטער פון מצרים. דער גאָט בעל צפון ווי א שלאנג. אמון ווי א באראן מיט הערנער. זונען געהאקט פון שטיינער, בילדער פון פייגלעך, בילדער פון חיות, וועלכע די אלע גילטען פאר געטער. פתום, חנס, סוא, יפי־בסת און עשתרות אין מיטען. יוסף שטעהט ביים סאזשעלקע. זיין גיטארע אין האנט).

יוסף

איהר שטערען אין הימעל! איידער איהר פערגעהט,
איידער די זון איהר ליכט פערשפרייט, —
בעט איך אייך שטערען! נאָך א ווײַלע שטעהט,
ענטדעקט מיר איצט דעם סוד שטילערהייט.
איהר האָט דאָך מיר צוגעזאגט צו מיר זיך צו קניען;
אָה! א יאָהר וויל שוין באלד אין זיין עוויגקייט פליהען;
און איך בין נאָך א שקלאוו, אן אייביגער קנעכט?
אפנים די טרוימען ווייזען ניט עכט,
און פילייכט דינט מיר די הויז פאר א לייטער,

צו לייטערען מיר ריין, צו זיין ריין אויף ווייטער?
און כדי איך זאל מעהר זיין געבויגען, געקנייטשט,
האָט גאָט אויף מיר די זליכה'ן אָנגערייצט?
אָה! פון דער גאנצער וועלט די קייטען,
וועלען מיך אויך דאצו ניט גייטען, —
זי איז פאלש דעם מאן, וועל איך טהאָן איהר ווילען?
ניין, אומזאָנסט נעבאך, וואָס זי וויל זיך מיט די רייד קיהלען.
אסנת! אסנת! ווי ווייט ביזטו דאָס פון דיין מוטער.
איהר הארץ איז א גיפטיגער שלאנג, דיינס איז ווייך ווי פוטער.
ווי גוט ביזטו, דיין געזיכט — ווי רייך,
צו מיין מוטער רחל ביזטו, אסנת, גלייך.
דרום ליעב איך דיר נאָך מעהר,
אָבער איך טאָר ניט, א קנעכט בין איך — ניט קיין הער...
איהר שטערען! אז איך האָב אייך יאָ אין טרוים געקוקט,
און אייערע עלף האָבען זיך צו מיר געבוקט,
וואָלט איך אייך מוחל זיין ממשלה אויף מיין גאנצען לעבען,
נאָר איהר זאלט מיר קענען אסנת'ן געבען.
אבער איהר ווייזט מיר וואס אנדערש אצינד,
איהר ווייזט מיר מיין טאַטען ווי ער וויינט נאָך זיין קינד.
איהר טומעלט די געדאַנקען, איהר קעהרט מיר מיין מח,
איהר ווייזט מיר מיין טאַטען, א שוואכען אָהן כח.
וויינט און שרייט מיט בלוטיגע טרעהרען:
„מיין קינד, מיין קינד" ער וויל גאר ניט אויפהערען.
ער זוכט רק יוסף'ן, און קען איהם ניט געפינען,
און מיר ליגט גאָר נאַרישקייט אין זינען.

(יוסף זעצט זיך אנידער ביי דער סאזשעלקע און זינגט מיט טרערען).

### יוסף'ס ליעד



1.

דינה, דו שוועסטער געטרייע,
טרייסט דעם טאַטען פון זיין לייד.
זיי דעם טרוקענעם בוים מחיה,
מיט דיינע פייכטע זיסע רייד.

2.

פון כנען און פון איהר געטומעל,
פון מיינע פריינד, פון אלע גוטע מענשען,
ווייט פון זיי, ווי פון הויכען הימעל,
ווי פון די שטערען, וואס דאָרט גלענצען.

3.

מיין לבנה לייכט דאָרט מיט איהרע שטערען,
מיין זון שיינט דאָרט אין איהר פראכט.
און איינזאם דאָ פערגים איך טרערען,
איינזאם קלאָג איך, טאָג און נאכט.

4.

ווייט בין איך פון אלע ראטהען,
ווייט פון לאנד די קינדער עבר;
ווייט בין איך פון אלטען טאַטען;
ווייט פון מיין מוטערס קבר.

5.

שקלאווען - דינסט גיט מען מיך צו ארבען,
קלאָגט, ווער יוסף׳ן קאָן פון פריער,
וואו זענען אין פעלד די אלע גארבען,
וועלכע שטעהען אויף פאר מיר? — —

6.

וואו זענען אין הימעל די עלף שטערען,
וועלכע אלע צו מיר זיך בויגען?...

פאַטער, איך זעה איצט דיינע טרערען
פליסען דיר ווי טייכען פון די אויגען.

7.

און פיליכט האָט איהר מיר ניט אין זינען,
פיליכט האָט איהר מיר גאַנץ פערגעסען,
נאָר איך לאָז אייביג טרערען רינען,
דעם דורשט נאָך אייך, קען איך ניט לעשען.

8.

קיין פערדרוס האָב איך אויף אייך דעריבער, —
איך בעט גאָט, איהר זאָלט מיר ניט געדיינקען.
פערקעהרט, מיר איז דאָס נאָך ליעבער,
פאַרוואָס זאָל אייך דאָס האַרץ נאָך קריינקען.

(יוסף ווישט אָפּ זיין געזיכט פון טרערען, שטעהט אויף און געהט אוועק. זליכה קומט אַן פון דער צווייטער זייט, זוכט יוסף'ן און געפינט איהם ניט).

## זליכה

ער האָט מיר געזעהען געהן, איז ער אוועק
ווי ער מיידט דאָס מיר אויס! א שרעק, א שרעק!
א יאָהר נאָכאַנאַנד, אַז איך מאַטער זיך אזוי,
איך — עלענדע, אונגליקליכע פרוי!
איך האָב איהם געמאַכט גרעסער פון אַלע מיינע שקלאַפען
אויף מיין גאַנצע ווירטשאַפט גיב איך איהם צו שאַפען,
און וואָס מעהר, איך ליעב איהם, איז ער רק געשייטער,
וואָס מעהר איך יאָג איהם, אַנטלויפט ער רק ווייטער.
פיעל מאָל האָב איך מיר צום נאַרען געמאַכט,
ווען זעהט עס א שקלאַף ווי די ווירטין צו איהם לאַכט?
ער איז ווי אייזען, זיין האַרץ ווי א שטיין, —
אָה! ער שטעכט מיר ווי מיט שפּיזען, מיט זיין וואָרט „ניין".
א יונגער מענש פון אכצעהן יאָהר
זאָל ניט שפּירען קיין ליעבע, נאָך ניט אויף א האָר.
וואַרט, וואַרט, דו פערפלוכטער קנעכט,

ווען איך זוכען נקמה, איז מיט דיר זעהר שלעכט.
ווען איך וועל בייטען ליעבע אויף ראכע,
וועסטו ניט אויסהאלטען מיט דיינע קרעפטען די שוואכע;
ווען איך זאל מיט דיר גלייך אונגליק זיין,
מוזטו דורך מיר, אין טורמע אריין.

(זליכה געהט אוועק מיט צארן. אסנת געהט אריין אין גארטען פערביי די נעטער. קוקט זיך אום אויב קיינער הערט ניט וואס זי וויל דא ריידען).

## אסנת

אָה, איהר געטער! וואס זייט איהר פון מיר ווייט?
איהר זעהט ניט איך האָב אין הארצען א שטרייט?
אין מיר ברענט א פייער, איך קען עס ניט לעשען,
דאָס וועט מיך פערברענען, אין גאנצען אויפעסען.
איך ליעב אזעלכען, וואס קען מיך ניט ליעבען,
דען ער איז אין בוך פון די שקלאַפען פערשריבען.
ווי דער נעץ פאנגט פיש פון ניל,
אזוי פאנגט זיין געזיכט הערצער מיט געפיהל.
אבער א וואנט פערשטעלט — דאָס איז מיר שלעכט:
איך בין פוטיפר׳ס טאָכטער, און ער איז א קנעכט.
וואָלט איך זיין א שקלאווין, געקויפט ווי ער פאר געלט,
וואָלט איך דאָס גענומען, וואָס איך וואָלט געוועלט.
אָבער זאל איך איהם יעצט לויבען, איז א זינד און א שאנד,
קעגען מיין פאטערס פאמיליע, קעגען דעם געזעץ פון לאנד.
איך בעט אייך געטער! זעהט עס איבערצושרויפען,
צו וועמען דען זאָל איך צו הילפע לויפען?
און וואס בעדייטעט דער טרוים פון היינטיגע נאכט?
צי ווייל איך האָב עס בייטאג געבראכט,
אָדער פילייכט ווייזט מען מיר פון הימעל פון אויבען,
און איך קען אין זיי האפען זיכער צו גלויבען...

(אסנת בלייבט שטיל, דען זי הערט טריט פון א מענשען. יוסף קומט אן. ער געפינט איהר זעהר אונמוטהיג).

## יוסף

וואָס שטעהט איהר פריילין אזוי פערקלערט, פערטראכט.

### אסנת

מיך טרוימט א טרוים היינטיגע נאכט,
מיט פיעל פרויען צוזאמען, דוכט מיר איך שטעה
אין א גרויסען זוואָרינעץ, פון חיות אלערליי,
לעמפערטען, בערען, היינעס, לייבען,
עלעפאנטען גרויסע, מיט'ן ריסעל אויפגעהויבען;
וועלף, טיגערס, קראקאדילען, שלאנגען,
די מיילער געשלאָסען מיט אייזערנע צוואנגען;
אין באזונדערע קאסטענס מיט אייזערנע גראטען,
וואָס זיי ליגען פערשפארט, דאָס וואלט ניט שאטען.
נאָר דאָס איינע האָט מיך פערדראָסען, אוי ווינד!
וואָס מען האָט דעם לייב געשטעלט צוזאמען מיט די הינד,
פלוצלונג זעצט דער לייב די גראטע אויס,
און אויפ'ן פרייען פלאץ שפרינגט ער אָרויס.
אלע דאמען זענען פערציטערט געוואָרן, —
א שפאס, א לייב לויפט פריי מיט צאָרען.
די דאמען אלע צולויפען אין אלע עקען,
און דער לייב געהט צו צו מיר, נעמט מיך לעקען און שמעקען;
קושט מיר די פיס, און האָט מיר אויף זיך געהויבען,
און אנטלאָפען מיט מיר אין שטייג פון די לייבען...

### יוסף

אסנת! מיט אייער טרוים האָט איהר מיר געמאכט,
אַז עס דוכט מיר, איך טרוים דאָס איצט, ווי ביי נאכט.
און איך שטעל מיך איצט פאָר, ווי די געשיכטע איז געשעהען,
און ווינש מיר, הלואי וואלט איך אליין דער לייב געוועזן.
און יעצט פרעג איך די בעדייטונג ביי אייך,
און איהר ווידער קענט עס מיר ניט פותר זיין גלייך?...

(אסנת לאָזט די אויגען ארונטער).

### אסנת

איך פערשטעה, אז איהר זייט פון אדעל געבאָרען,
און יעצט זייט איהר א דינער געוואָרען;

נאָר איך בעט אייך, יוסף, דערצעהלט, ניט זאַמט,
ווער איהר זייט, פון וואנען איהר שטאַמט.

(יוסף בעדיינקט זיך א קליינע ווײַלע).

יוסף

פון אברהם העברי, האָט איהר געוויס געהערט,
וואָס האָט זיין אמונה פאר אלעמען ערקלערט?

אסנת

אָה, אין יעדער שטאָדט, אין יעדען לאַנד,
איז דער נאָמען אברהם העברי בעקאַנט.
עס איז שוין ביינאהע הונדערט יאָהר, אז ער איז טויט;
דאָך דערמאָהנען איהם מענשען ענציקטערהייט.
נאָר וואס געהערט ער אָן, מיט אייך?
בין איך עס גערען צו וויסען גלייך.

יוסף

די געהיימניסע זאג איך אייך אויס,
אַז פון אברהם׳ס פאמיליע קום איך ארויס.
מיין פאטער איז אַן אייניקעל פון אברהם׳ען אליין,
און איז געגוג רייך, דאָס קענט איהר פערשטעהן.
נאָר אַן אונגליקליכע סבה האָט מיר געטראָפען,
אַז גאָט זאל מיר מיט שקלאווען־דינסט שטראפען.
יעצט, אסנת! פערשטעהט אליין,
ווער דער לייב קען זיין...

אסנת

אח מיין גאָט! איך וועל עס ניט אויסהאלטען,
זייט איהר דען א זוהן פון יעקב דעם אלטען?
פילייכט זייט איהר דאָס, זאלט איהר מיר זאגען
פון די, וואס האָבען די שטאָדט שכם דערשלאָגען?

יוסף

איך ניט, נאָר צוויי ברידער מיינע,
זיי האָבען אבער אין דעם א ריכטיגע טענה.

אסנת

איך ווייס, ווייל שכם האָט זייער שוועסטער מיט גוואלד פערנומען
אַח, מיין גאָט! איז יעקב׳ס א זוהן צו אונז פערשוואומען?!
און אזוי פיעל איז ביי אייך די שוועסטער טייער,
אז איהר ווילט פאר איהר כאָטש געהן אין פייער.
איז זי כאָטש גענוג שעהן, זאלט איהר מיר זאגען?
איז כדאי געוועזן פאר איהר מיט א שטאָט זיך צו שלאָגען?

יוסף

ווילט איהר זעהען ריכטיג, איהר געזיכט איז שעהן?
קוקט אייך אליין אין אייער גאָלד־שפּיגעל איין.
אייער געזיכט, אייערע אויגען, אייערע האָר, אייערע שטערען,
ווי אין איין פורעם וואלט איהרביידע געגאָסען ווערען.

אסנת

ווי קען עס טרעפען אזוי איין עהנליכקייט,
ווען איך בין פון איהר פרעמד און ווייט?

יוסף

דאָס איז אלעס ביי גאָט אין האַנט,
פיליכט קענט איהר נאָך ביידע ווערען בעקאַנט.

אסנת

ווען איהר זייט שוין יע, פון אברהם׳ס משפחה,
טהוט כאָטש מיר די איינע הנחה,
ערקלערט מיר ריכטיג אברהם׳ס אמונה,
וואָס פיעלע שרייען, זי איז געבויט מיט תבונה.

יוסף

איך וואָלט עס גערן טהאָן אייער פערלאַנגען,
היינט איז דאָך אבער דער נילוס אויפגעגאַנגען,
דארפט איהר דאָך צום פּאַראַד געהן,
דען גאַנץ שטאָט וועט דאָרט זיין, גרויס און קליין.

## אסנת

דער פאטער וועט מיר רופען, ער וועט אהער קומען,
אַט לאָמיר זיך זעצען נעבען די בלומען.
(זיי זעצען זיך ביידע אנידער נעבען די געפלאנצטע בלומען).

## יוסף

אויב איהר זייט איהר באמת גערען,
זייט איהר עס ווערט, איך זאל אייך ערקלערען.
אברהם׳ס אמונה איז מיט דעם געהויבען,
וואָס ער צייגט די דומהייט פון מיטהעלאָגישען גלויבען.
און מיט דער צייט וועט שטייגען דער גלויבען, די אומה,
אז די געצען־דינסט וועט שוין גאָר ניט האָבען קיין תקומה.
אַט היינט דאַרף אייער טייך נילום אויפגעהן,
דאָס איז פון דער נאַטור נאָך מיין זיידענס מיין,
ווייל אין די ווארעמע לענדער, אין דעם היגען זייט,
האָבען די רעגענס, די ווינטען, זייער בעשטימטע צייט.
דערצו האָט ער קוואלען, ארויף שטראם,
וואָס אין דעם מאָנאַט עפענט זיך זייער תהום,
און אז די רעגענס, די ווינטען, די שטראמען איהם רייצען,
מוז ער ניט ווילענדיג די פעלדער פערפלייצען.
דאן קומט עס אוים, פון אייער טובה וועגען,
ווייל ביי אייך אין מצרים געהט ווייניג רעגען.
טרינקט דער טייך ניל די פעלדער אָן,
וואָס אָבער האָבען אייערע כהנים געטהאָן?
זיי זענען דאָך די רעדעל־פיהרער אין יעדער שטאָדט,
קרוינען זיי דעם טייך מיט דעם נאָמען גאָט,
און פערשטעלען נאָך מעהר דעם פעבעל די שיין,
און הייסען פאר׳ן טייך א קרבן מקריב זיין.
ניט א קרבן פון שאָף, ניט פון רינדער,
נאָר א יונגע מיידעל, פון אייערע בעסטע קינדער.
געוויס האָבען זיי איהר צו א זינד אָנגערעדט,
און דאָס עהרליך קינד האָט ניט געוואָלט דעם חטא.
און פיליכט קוקען זיי שוין מיט כעס אויף אייך,
אַט זייט איהר שוין גרייט פאר א קרבן צום טייך.

## אסנת

ואנדלען זיי דאָך מיט מענשען, פונקט ווי מיט שטרוי?
סטייטש, אלע יאָהר טהוען זיי דאָך אזוי!
אָה, מצרים! ווער עס פיהרט דיר פאר'ן נאָז,
בהמות זייט איהר דאָך! איהר דארפט עסען גראז!

## יוסף

אין אינדיען איז א יום-טוב, האָב איך געהערט זאָגען,
וואָס דאמאָלס פאָהרען די כהנים מיט א דריי-גאָרענדיגען וואָגען
איבער אלע גאסען, מיט גרויס עהרע,
מיט צוועלף אייזערנע רעדער שווערע;
די כהנים שטעהען אויבען און שרייען:
ווער וויל גאָט דעם לעבען אנטלייען?
ווער ס'וויל זיין צו גאָט א הייליגער קרבן,
ווערט שוין זיין טויט ניט גערופען געשטאָרבען,
דען ער געהט ארויף אין הימעל לעבעדיגערהייט,
און אלע פערגעניגען איז פאר איהם דאָרטען גרייט;
דאָן לעגען זיך טויזענדער ביי די רעדער אנידער,
ביז עס ווערט צוריבען אויף מעהל זייערע גלידער,
און דעם גאנצען אייגענס, וואס דער קרבן האָט
פעלדער אין לאנד, און הייזער אין שטאָט,
נעמען צו די כהנים, די זעלביגע שעה,
און זיין הימעלשען פערגעניגען געניסען זיי דאָ.
דאָס זענען זייערע כהנים, דאָס איז זייער פלאן,
און וואס זענען אייערע, ניט דורך אבמאן?
מיט די געהיימניסע פון נאַטור, מאכען זיי קונצען,
בכן פאלגען זיי די געטער, וואס זיי האָבען געוואונשען,
אָדער מיט מאנישע קונצען פערבלענדען זיי די אויגען,
און דער פעביל שרייט: אָט, אָט, אָט איז געפלויגען!
האָבען א שריפט מיט דעם נאָמען: היראָגליפען,
כדי מען זאל ניט פערשטעהן זייער סוד דעם טיפען,
און נאָר פון דער נאַטור מאכען זיי אלע קונצען
מיט דער נאַטור. פערשטיינערען זיי טויטע מענשען,

וואָס עס בלייבט גאַנץ אויף טויזענדע יאָהרען,
ווער עס קומט אָן אין די סעקטע ווערט ער באַשוואָרען,
אַז ער טאָר זייערע סודות אייביג ניט ענטדעקען,
און מאכט שוין באלד אויך קונצען מיט זיין צויבער־שטעקען.

קלוג זענען זיי, דאָס איז געוויס;
אָבער בעטריגער פון קאָפּ ביז די פיס.
האָבען טאקע אין פיעל חכמות א שטארקע ידיעה,
און לעגען טאקע אויף דעם גענוג יגיעה.
אָבער א מעלקענדע קוה האָבען זיי דאָך דערפאר;
לעבען גליקליך, אָהן דאגה, אָהן צער,...
אָט די אלע געטער, וואס איהר זעהט דאָ שטעהען,
איז עס נאָר אויסגעטראכט פון זיי אליין,
וואָס מעהר א גאָט — איז רק מעהר הכנסה;
נו, פרעג איך: וואס פעלט עס אזוי א פרנסה?

אבער מיין זיידע אברהם האָט דאָס ניט געהערט,
ער האָט אייביג געוויזען, אז די קונצען האָט קיין ווערט,
ער האָט די געטער צובראכען מיט די הענט,
דערפון האָבען פיעל מענשען דערקענט,
אז דאָס זענען קיין געטער, נאָר האָלץ און שטיין,
דען זיי קענען ניט העלפען, אפילו זיך אליין.
דאן האָט מיין זיידע פאר אלע פארגעשטעלט,
אַז נאָר איין גאָט איז דאָ אויף דער וועלט,
און ער פערזאגט די נאַטור, זי זאל זיין אזוי;
ניט עשתורות, ניט אמון, ניט בעל צפון, ניט סוֹא,
ניט חנם, ניט פי־בסת, ניט סעראפיס, ניט און
נאָר קראפט אין דער נאַטור — פערזאגט גאָט אליין,
דאָס זאל וואקסען, דאָס זאל בליהען,
דאָס זאל שטויסען, דאָס זאל ציהען,
דאָס זאָל זויגען, דאס זאָל עסען,
דאָס זאל ברענען, דאָס זאל לעשען,
דאָס זאל קיהלען, דאָס זאל היצען,
דאָס זאל דונערען, דאָס זאל בליצען,

דאָס זאָל גליווערען, דאָס זאָל גיסען,
דאָס זאל שטראָמען, דאָס זאל פליסען,
דאָס זאל שפראַצען, דאָס זאל ריהרען,
דאָס זאל ווארעמען, דאָס זאל פריהרען,
דאָס זאל פליהען, דאָס זאל שוועבען,
דאָס זאל שטארבען, דאָס זאל לעבען,
יעדער שטערען האלט די וואג,
מיט זיין געבאָט, מיט זיין פערזאג;
יעדער בעשעפער היט דעם אָרגאַן
מיט דעם בעשעפערס דעה, מיט זיין פלאַן;
און די גאנצע בעשאפונג, וואָס די אויג נאָר זעהט,
איז דורכאוים גאָטעס מוזיק, קאָמפּלעט.
דער שפּיעלט פידעל, דער שפּיעלט פלייט,
דער שפּיעלט באַס, דער טראָמפּייט;
דער שפּיעלט איילט, דער פּאַזאַן,
דער שפּיעלט קלארנעט, דער טראָמבאַן,
דער וואָלטאָרנע, דער אָרגאַן;
דער קלאַפּט אין פּויק, דער פּארטעפּיאַן;
דעם דעריזשאָר־שטעקעל האלט גאָט אין האנט,
און די נאָטור שפּיעלט איהם א טייערען קוראַנט;
און דער מענש מיט שכל לעזט די נאָטען
ווי יעדער שפּיעלט, ווי גאָט האָט געבאָטען.
און אזוי האָט מיין זיידע געקענט אויפווייזען,
פיעל אייערע כהנים ווילען דעם פּעבעל פערגרייזען,
זייערע קונצען, מיט די כיטרעשע כונות, —
זייערע זון קירכען, און מענשען פאר קרבנות,
זייערע בלוט פערגיסען, מיט זייערע בעטריגען,
זייערע אכזריות מיט די פערבאָרגענע פערגעניגען,
די פאלשקייט, די כיטראסט, וואס ביי זיי עקזיסטירט,
און ווי ווייט זיי האָבען די וועלט פערפיהרט,
ביז ער האָט הונדערטער געעפענט די אויגען,
צו זיין ריינעם גלויבען הונדערטער צוגעצויגען;
ביז גאָט האָט איהם געהייסען אויף דער וועלט רייזען,
דעם הייליגען גלויבען אלעמען צואווייזען;

פון לאנד צו לאנד, פון נאַציאָן צו נאַציאָן,
און אלעמען געלערענט זיין רעליגיאָן.

## אסנת

אך! ווי איך בין יעצט גליקליך און רייך,
די וויכטיגע ווערטער צו הערען פון אייך.
איהר האָט מיך יעצט בעצויבערט מיט אייערע רייד,
איך וועל שוין האלטען די וואג, צו וויסען אן אונטערשייד;
יא, יא, איהר זייט פון די קעניגע, פון די לייבען,
ער שטאָלצירט מיט זיין גבורה, איהר מיט אייער גלויבען,
איך שווער אייך, יוסף! ביי אייערע עלטערען די פרומע, —
דאָס איך וועל ניט הייראטען פון אן אנדער אומה,
ביז גאָט מיט זיין רחמנות, וועט מיר בעגליקען,
און וועט מיר איינעם פון אברהם׳ס קינדער שיקען...

(פוטיפר קומט אן. אנגעצויגנע אין די פאראדנע קליידער, ער געגנעהענט צו אסנת).

## פוטיפר

נו, דער ניל איז דאָך שוין היינט גרעסער געוואָרען;
עס געהען צום פאראד דער קעניג און אלע מיניסטאָרען;
אלע חרטומים (ער הוסט: אוהו אוהו) אַלע מאַנאַכען, —
עס וועט דאָרטען זיין פערגעניגענדע זאכען.
טהו זיך אָן, מיין קינד! וועסט אויך געהן,
גאנץ שטאָדט וועט דאָרט זיין, גרויס און קליין.
וועסט זעהען ווי מען וועט ווארפען אין טייך די מיידעל.

## אסנת

(מיט שרעק).

ניין, פאטער! דאָס צו זעהען, בין איך צו איידעל!

## פוטיפר

פירכטע ניט קינד, מיר וועלען געהען צוזאמען,
אלע דינער, און איך און דו מיט די מאַמען.
נאָר דו ביזט דאָך, מיין טאָכטער, נאָך גאָר ניט אָנגעצויגען,
איך אייל מיך צום פאראד, איך וואָלט גערען געפלויגען,

און דו ווערסט דאָך ניט געהען, אָהן דיינעם א בעקאַנטען,
אַט, שיק איך דיר גלייך, דיין גובערנאַנטין.

(צו יוסף'ן).

און איהר יוסף? פערבלייבט צו הויז!

(צו אסנת'ן).

גלייך שיק איך דיר, די גובערנאַנטין ארויס.

(פוטיפר לויפט אוועק, יוסף איילט זיך אויך צום אוועקגעהן. אסנת האַלט איהם אויף).

### אסנת

אָה! וועלכער מענש קען עס דערבייַ זיין:
זעהען ווי מען וואַרפט א מענשען אין טייך אריין.

(יוסף פרעהט זיך, ווי עס געפעלט איהם, אז זיינע ווערטער האבען שטאַרק געווירקט אויף אסנת' צאַרטע הארץ. ער בעדיינקט זיך א קליינע ווייַלע און פרעגט איהר:)

### יוסף

מיינע געהיימנישען האָב איך אייך ענטדעקט אלץ,
זאָגט איהר מיר, פריילין! ענטקעגען.
וואָס פאַר א בלעכעל הייַנגט עס שטענדיג ביי אייך אויפ'ן האַלז?—
איך האָב שוין לאַנג געוואָלט ביי אייך פרעגען.

### אסנת

פון קינדווייז אָן, טראַג איך דאָס,
מן הסתם בעדייטעט דיזעס אויף וואס
נאָר פון מיינע עלטערען האָב איך א פערזאַג,
אַז איך טאָר עס ניט עפענען, ביז מיין לעצטען טאָג.

(עס הערט זיך שפּילען טראַמפּייטען. יוסף און אסנת געהען צו זעהען. פון ווייטען איז צו זעהען די מיליטער מיט דעם גאַנצען פּאַראַד, נאָכ־הער די כהנים, מען פיהרט דאס מיידעל אין מיטען, ארום איהר מילי־טער מוזיק. אסנת און יוסף ברעכען די הענט. איינינע מורינען לויפען אריין און נאַרטען צו טראַגען אסנת'ן צום פּאַראַד).

(ענדע זיבעטע סצענע)

## אכטע סצענע.

זליכה׳ס קאבינעט.

(עלוקה האלט א בארשט און קעהרט די דילעז. עזובה קלאפט אוים דעם טעפיד).

### עזובה

אפילו קיין יום טוב איז פאר אונז ניטא.
גאנץ מצרים איז היינט ביים נילוס דא.
אזא הייליגער יום טוב ווי היינט — א שפאס!
ער קערט דאך נאראד, פול די גאס,
און מיר זענען ווי דער אייזעל — רק טהו און טהו,
סיי וואך, סיי יום טוב, גיט ער קיין רוה.

### עלוקה

דער ווירט האט דאך אונז געהייסען צום פאראד געהן,
נאר דאס וואקסט אלץ פון דעם עברי אליין,
זייט דער ווירט האט איהם אין הויז געבראכט,
איז מען געשפאנט אין סאכע, טאג ווי נאכט,
און ער איז שוין דער גאנצער ווירט אין הויז.
שלעכט, א ווייטע האפענונג צו ווערען פון איהם לויז.

(זליכה קומט אריין, האלט די האנט ביים שטערן).

### זליכה

וואס געהט איהר ניט צו פאראד? וואס זאמט איהר אייך?
מען האט דאך שוין דאס מיידעל אוועקגעפיהרט צום טייך.
איך וואלט אויך געגאנגען, נאר איך קען היינט ניט געהן.
דער קאפ טהוט מיר וועה, איך בלייב דא אליין.
איך וועל טרינקען א גלעזעל קאפע,
און וועל מיך דא צושפארען אויף דער זאפע.

(עלוקה און עזובה לויפען ארוים).

## זליכה

(אליין).

איצט איז די צייט, איצט איז די גליקליכע שעה!
אלע זענען אוועק, קיינער איז ניטאָ.
אָה! אויף די פליגעל פון ווינד, וואלט איך געפלויגען,
נאָר דיר איין מאָל צו זעהען מיט די אויגען.
דו, יוסף! קענסט לעשען מיין פייער, וואס ברענט
מיין לעבען, מיין טויט, איז ביי דיר אין די הענט.

(זי כאפט זיך אויף פון זאפע, רויכערט זיך אוים מיט אלאעז האלץ. קלינגט אָן מיט'ן גלעקעל, יוסף לויפט אריין).

## יוסף

וואָס ווינשט איהר מאדאם?

## זליכה

זיץ, יוסף, היינטיגע נאכט קען איך ניט שלאָפען.
טויזענדער געדאנקען זענען מיר איבערגעלאָפען.
די וועלט מיט איהר פיהרונג, ווי איך האָב בעקלערט,
זעה איך איין, עס איז אלץ פונקט פערקעהרט.
וואו דער מענש שטרעבט זיך נאָך א ציעל,
לאָזט זיך אוים פערקעהרט ווי ער וויל.
דער שלעכטער טיפאָן ער טהוט עס אויף,
ער קעהרט אום דאָס גליק מיט די פים ארויף.
ער הערט קיין רייכע, ער שעצט קיין קענער,
פעראכטעט פרויען, פערהאסט מענער,
דער קלוגער האָט קיין ברויט, אויך קיין גוטע פריינד,
דער נאַר האָט גוטע ברידער, זיין געזיכט שיינט.
דער אָרענטליכער מאן איז אייביג געדריקט,
דער דיב, דער רוצח, איז אייביג בעגליקט.
די שעהנע פרוי איז צו אן אלטען מאן געצוואונגען,
דער שעהנער קנעכט איז צום העסליכען הער פערדונגען;
ער ליעבט נאָר דעם דיב, דעם נאַר, דעם רייכען,
מיר אבער, קענען דאָך די זאך פערגלייכען,

ווען מיר זאלעןביידע א פארטיע שליסען,
דאן ווערען די שעהנע, די פריידע געניסען.

(זליכה נעמט זיין האנט צום מויל).

דיין שעהנעם געזיכט, וועלכע לייכט א פראכט,
האט ביי מיר טיעף אין הערצען א נעסט געמאכט.
ענטפער מיר, יוסף, דאס ווארט „יא" דעם זיסען,
דען מיין הארץ ווערט מיר אויף שטיקער צוריסען.

(יוסף קעהרט אפ זיין געזיכט, שטעהט אויף און וויל געהן).

יוסף

אייער אייגענע פאנטאזיע מאכט אייך קראנק,
נאר אייער מיה איז אומזאנסט, נאך מיין געדאנק.

(זליכה ווערט צארנדיג, כאפט איהם ביים מאנטעל פעסט).

זליכה

איצט יוסף! איצט איז געקומען די צייט,
קלייבט אייך אוים, צי פריעד, צי שטרייט, —
גענוג שוין מיט אייך פאליטיק צו שפיעלען, —
קורצע ווערטער, איהר טהוט מיין ווילען? !

(יוסף רייסט זיך צו אנטלויפען. זליכה האלט איהם פעסט ביי מאנטעל).

יעצט העלפט קיין תירוצים באין אופן —
דו וועסט שוין איצט פון מיר ניט אנטלויפען.

(יוסף ציהט ארוים מיט אינפעט די הענט פון די ארבעל, לויפט ארוים דורכ'ן טיר. זליכה בלייבט שטעהן, מיט זיין קלייד אין האנט, פאר־קלעמט און דערשראקען).

ניין, אונגליקליך מאך איך איהם היינטיגען טאג!
אין קייטען שמיד איך איהם, פוילען אין אסטראג,
דען די זעלבע קייטען קען איך געניסען,
ווען פוטיפר זאל זיך די ווארהייט דערוויסען.

(עלוקה און עזובה לויפען אריין פרעהליך, ניט וויסענדיג וואס דא האט פאסירט).

## עלוקה מיט עזובה

אוי ווער. — וואָס היינט האָט זיךביים נילוס געטהאָן!
מען האָט דעם קעניג געטראָגען אויפ'ן טראָהן.
דאָס מיידעל ווארפט ער ארײן מיט זיין האנט אליין,
אלע בעאמטע זענען געווען גרויס און קליין,
מוזיק האָבען געשפּיעלט, די פּריסטער — געזונגען,
מיט פּויקען געקלאפּט, מיט גלאָקען געקלונגען,
און די חרטומים, מיט די כהנים...

(פלוצלונג ווערען זיי ערשטוינט פון א פירכטערליכען געשריי, וואס זליכה האט פון הארצען אויסגעשריען).

## זליכה

אוי! — שלעכט! — איך בלייב — ניט גוט —
אחרטום! — גיכער! — לאָזען בלוט —

די דינערען

ליעבסטע מאדאם! וואס איז אייך געשעהן?
ווערה! וואס איז דאָ געווען?

## זליכה

אין אונמאכט בלייב איך, שלעכט איז מיר! שלעכט!
דער פערפלוכטער עברי, דער פאלשער קנעכט.

## עלוקה

איך האָב באלד פערשטאַנען, אז דאָ האָט וואס געטראָפען,
קוקענדיג ווי יוסף איז פון שטוב ארויס געלאָפען.

## זליכה

אָט ליגט נאָך זיין מאנטעל, אָט ליגט נאָך זיין קלייד.
אוי! — איך וואלט אייך דערצעהלען אלע זיינע רייד —
אז ער איז שוין אין גאנצען דער ווירט, אוי איך בלייב!
ווילט זיך איהם שוין זליכה'ן פאר א ווייב!

(די דינערען קוקען זיך ביידע אן מיט פארוואונדערונג און מיט א פער שטעלטען געלעכטער)

### זליכה

איך בין אזוי איינזאם אויפ׳ן זאפא געלעגען,
איך זעה דער עברי שטעהט מיר אנטקעגען;
נעמט זיך וויצלען, אזוי מונטער, פריש, —
עס האט מיך גענומען טרייסלען הענד און פיס,
טהוט נאך אוים די קלייד, די פערשייטע אויגען,
און וויל זיך נעבען מיר אויפ׳ן זאפא לעגען.

### עזובה

עס געהט איהם וואס אפ? וואס פעהלט איהם מעהר?
אט וויל ער שוין זיין אין גאנצען דער הער.

### זליכה

איך האב גענומען שרייען, ראטעוועט מיר!
אט איז ער פון פחד, אנטלאפען דורכ׳ן טיר.
אבער צי וועט עס מיין מאן גאר וועלען גלויבען,
דער יונג איז דאך ביי איהם אזוי געהויבען!
בעט איך אייך קינדער, פאלגט נאר מיך,
וועט איהר פון איהם פטור ווערען אויף גיך.
אז דער ווירט וועט קומען, זאלט איהר זאגען,
דאס איהר האט פיעל מאל געוואלט פאר איהם קלאגען,
וואס יוסף האט אייך אויך דערצו אנגערעדט,
מיט גוטען, מיט בייזען, מיט כעס, מיט געשפעט;
און אויף איצט זאלט איהר זיין עדות צוויי,
אז איהר האט זעלבסט געהערט מיין געשריי.
אוי! מיין קאפ! איך דערהאלט ניט — שלעכט!
מיט אלע קרעפטען האב איך מיר קעגען איהם געפעכט.

(עס קומט אז פוטיפר, געהט צו צום זאפא, דינערינס טרעטען אפ).

### זליכה

דאס הארץ איז מיר שוואך, אוי! — איך בלייב!
געה, זעה וואס טהוט זיך שוין מיט דיין ווייב.

### פוטיפר

(מיט האסט).

וואס איז שוין דאָ געוועזן ? זאג שוין, זאג !
אַ ווײלע זיך פערזאמט, איז שוין א נײער קלאָג.

### זליכה

דער עברי, דעם קנעכט, מאַכסטו דאָך פאר א בעל־הבית,
גיב איהם שוין דײן ווײב אויך, ער פערלאנגט דאָך דאָס.

(פוטיפר בלײבט שטעהן פערוואונדערט און ערשטוינט).

### זליכה

(מיט געוויין).

קײן אנדער קנעכט קען מען אין מצרים ניט בעקומען,
אַז ער האָט דעם עברי אין הויז גענומען ? !
ער געהט נאָך צום נילוס זעהען די קראָקאָדילען,
פרעגט : וואס קען איהם דער שטוביגער קראקאדיל פעהלען ?

### פוטיפר

ווער איז דער קראָקאָדיל ? מעגסט דאָך זאגען,
גלײך ווערט ער בײ מיר טויט געשלאָגען.

### זליכה

איך האָב דאָך דיר געזאָגט, ווער און וואס,
אַ טאז מען מאַכט א שקלאָף פאר א בעל־הבית.

### פוטיפר

(צו די דינסטען).

גיכער פיהרט איהם ארײן,
גלײך וועט זײן ענדע זײן !

(די דינערינס לויפען ארוים. גלײך פיהרען זײ ארײן יוסף'ן: אסנת קומט נאכהער פערבראכען די הענט. פון איהר געזיכט פליסען טײכען טרערען)

### פוטיפר

(צו יוסף'ן).

אזוי עברי ? אזוי פיהרט מען א וועלט ?
וואס האָט דיר פארט בײ מיר געפעלט ?

האָט געהאט עסען, האסט געהאט געלט,
האָסט ניט געוואוסט פון הונגער, פון קעלט,
נאָר אזוי — האָט זיך דיר פערוועלט ?!
דו האסט זיך גאר ניט פארגעשטעלט,
אַז דו ביסט א שקלאַף, געקויפט פאר געלט ?
געהסטו צו מיין פרוי, אין איהר געצעלט ! —

יוסף

גאָט פון הימעל ! ! נאָר דו ווייסט ריכטיג !

פוטיפר

קענסט נאָך זיין אזוי נידערטרעכטיג ! !

עלוקה, עזובה

הערר מיניסטער, מיר האָבען ביז יעצט פארהוילען
אונזערע צרות פאר אייך צו דערצעהלען.
ער האָט פיעל מאל געוואָלט אונזער אָרענטליכקייט בערויבען,
פאר וואס זאלט איהר איצט די ווירטין ניט גלויבען ?

פוטיפר

רופט מיר הרנפר׳ן אהער !
און היל מיט געוועהר !

(עלוקה און עזובה לויפען ארויס פרעהליך. אסנת פאלט דעם פאטער צו די פיס).

אסנת

שטראָף ניט, פאטער ! איידער דו די וואַרהייט ווייסט !
אויף אונשולדיגע בלוט, געפינט מען נאָכהער קיין טרייסט !
זעץ איהם אין תפיסה, ביז עס וועט זיך די וואַרהייט דערגעהן,
דערנאָך מעגסטו איהם טהאָן וואס דו ווילסט אליין.
אָבער חלילה פאטער, איהם שוין צו הענגען !
אָה, יעקב ! מען וויל דיין קינד אומברייננגען ! ! !

(אסנת פאלט אין אונמאכט. פוטיפר כאפט איהר מינטערען).

פוטיפר

(מיט געשריי).

וועה איז מיר ! מיין קינד איז פארביי ! ! !

(יוסף לויפט צו, מינטערט איהר אפ, אסנת עפענט די אויגען).

### אסנת

וואס ראטעוועט איהר מיר? דער טויט איז מיר גוט!
איידער צו זעהען אונשולדיגעם בלוט!

### זליכה

צו אסנת).
פאר דעם פערפלוכטען עברי, וואס נעמסטו זיך אן?
ווער דען? דיין מוטער האט עס געטהאן?
רעכענסט דיין מאמען, חלילה אין אזוי גראד?
טא וואס ביזטו, אז דיין מוטער איז אין חשד?

### אסנת

איך רייד דאך קיין ווארט, איך פערלאנג נאר געדולד,
פיליכט האט יוסף אין דעם גאר קיין שולד.
ער האט יעצט קיין לשון, פערלארען זיין שפראך,
נאכהער וועט מען וויסען אויף ריכטיג די זאך.

(עס קומט אריין חרנפר. נאך איהם פאליציאנטען מיט הוילע דעגענס. איינער פון זיי האלט אייזערנע קייטען).

### פוטיפר

(מיט כעס צו חרנפר, ווייזענדיג אויף יוסף'ן).
דעם פערפלוכטען עברי נעהמט צו פון מיין שטוב,
שמידט איהם אין קייטען און ווארפט איהם אין גרוב!

(די פאליציאנטען לויפען צו, ווארפען אנידער יוסף'ן אויף דער ערד, שמידען איהם הענט אונ פיס, אסנת לויפט צו צום פאטער).

### אסנת

איך בעשווער דיך פאטער! מיט וואס דיר איז ליעב,
אז דו זאלסט יוסף'ן ניט ווארפען אין גרוב,
ער וועט ניט אויסהאלטען דעם ערשטען טאג.
אה! זיינע קייטען אפשר צעהן פוד וואג,
ליבערשט זעץ איהם אריין אין אסטראג.
אה, יעקב! ווי גרויס איז דיין קלאג!!

(די גובערנאנטין לויפט אויף די נעשרייען פון אסנת. זי פאלט פוטיפר'ן צו די פיס).

### די גובערנאַנטין

מיין ליעבער הער! איהר מוזט מיר פערצייהען,
ווי לאָזט איהר עס אייער קינד אזוי יעמערליך שרייען?
אָה! דאָס קינד האָט זיך איהר שוואכע הארץ צוריהרט,
הייסט, ער זאל זיין אין אסטראָג ארעסטירט.
פון שווערע קייטען, פון אייזערנע שרויפען,
קען מען אויך פון אסטראג ניט אנטלויפען.

### זליכה

(מיט אלע קרעפטען).

היינגען זאל מען איהם!! אוי! — איך בלייב —
אבער ער פאלגט די טאכטער — ניט דאָס ווייב.

### אסנת

(צו זליכה).

ליעבסטע מוטער! לעש אָפּ דיין צאָרען!
ערוועק דיין רחמנות אויף זיינע יונגע יאָהרען.

### פוטיפר

(צו חרנפר).

איך טהו עס נאָר צוליעב די גובערנאַנטין,
זעצט איהם וואו דעם קעניגס ארעסטאַנטען.

(די פאָליציאַנטען נעמען יוסף'ן. אסנת בעגלייט איהם מיט טרעהרען. פערבראכען די הענט. די גובערנאַנטין ווישט די אויגען. עלוקה און עזובה פאַטשען מיט די הענט. יוסף שרייט אויס: אַה נאַט!!! מען פיהרט איהם ארויס. דער פארהאנג פאלט).

(ענדע אכטע סצענע).

# דריטער אקט.

## די תפיסה הויז

(אין צעהן יאהר ארום).

פון פריה־מארגען.

(תחרע, עזמות, נאך איינינע תפוסים געשמידט אין קייטען).

### תחרע

די געדאנקען טומלען מיר דעם היינטיגען פריה־מארגען,
איך הער ניט אויף צו דאגה׳ן, צו זארגען.

### עזמות

איך בין עפעס אויך פערקלערט, פערטראכט,
דען מיך טרוימט וואס היינטיגע נאכט.

### תחרע

אט דאס האט מיך היינט געשלאגען מיין מוטה:
מיך טרוימט אויך, אבער צי שלעכט צי גוט, —
דאס קען איך ניט וויסען, נאר דאס הארץ שרעקט
אבער הין־צי־הער, זאל שוין זיין געעקט.

(איינער פון די תפוסים).

שיקט נאך אחרטום, וועט ער אייך פותר זיין.

### תחרע

אהער לאזט מען, קיין חרטום ניט אריין.

(דער תפוס).

אט פערגעסט אייך אן טרוים, און זייט פרעהליך.

### עזמות

אויסער דעם איז גוט, צו זיין פערהאסט פון מלך?
אַ יאָהר אָפּצוזיצען, ווי מיר קווועלען זיך דאָ,
אפילו קיין פרייע לופט איז פאר אונז ניטאָ.
ניט אונז שיינט די זון, ניט אונז פרעהט דער פריהלינג,
אונזער לעבען איז ניט ווערטה אַ שילינג.

(דער תפוס).

דער וואָס איז נאָך פון פעבעל געבאָרען,
וואָס ווערט ער אָן, וואס האָט ער פערלאָרען?
עסען האָט ער, חרנפר האָט קארען,
קאלט איז איהם ניט, ער ווערט ניט פערפראָרען;
צו צרות איז ער פון דער יוגענד געשוואָרען,
דאָך איז איהם שווער צו לײדען דעם צאָרען;
מיר, וועלכע זענען געווען גענעראלען,
זאָלען מיר אזוי זיין אויף אייביג פערפאלען;
אין קייטען געשמידט, פערשפּארט אין גרוב,
דאָס איז אונזער בעט און דאָס איז אונזער שטוב!
אָה, חנם! אָמון! פי־בסת! און!
צו אונזערע צרות זאגט אמאָל „שוין״!

(אסנת קומט אריין, קוקט זיך אום).

### אסנת

יוסף איז ניטאָ? וואו קען ער עס זיין?

(אַ תפוס).

גלייך, גלייך, קומט ער אריין.

### תחרע

עס גיט וואס נייעס? וואס הערט זיך אין שטאָט?
אח פערוואָגעלט איז מען פון לייט און פון גאָט.

### אסנת

מען פוצט די גאסען, פרעהליך אומעטום,
דעם קעניגס געבורטסטאָג איז אין דריי טעג ארום.

### עזמות

דעם טאג איז ער פרייוויליג אם בעסטען,
געוויס וועט זיין נייע מאניפעסטען.

(יוסף קומט אריין. אסנת נעמט אונגעדולדיג יוסף'ן אן א זייט).

### אסנת

ליעבער יוסף, מיין פעטער, מיין פריינד, —
א טרויעריגע נאכריכט ברינג איך היינט, —
זליכה איז געשטאָרבען, וואס האָט מיך ערצויגען...

### יוסף

אייער מוטער? וואס האָט אייך געבוירען? ערצויגען?

### אסנת

זי איז ניט מיין מוטער, איהר הערט א סעקרעט?
זי האָט אלעם ענטדעקט אויף איהר טויט בעט.
די אראבער האָבען מיר צו איהר געבראכט,
און זליכה האָט מיר פאר א פינדלינג בעטראכט.
דריי יאָהר בין איך דאן געוועזן אלט,
זיי האָבען מיר געפונען אין וואלד.
זליכה'ן איז געפעלען מיין געזיכט, מיינע אויגען,
און האָט מיר געקויפט און ביי זיך ערצויגען.
אויף מיין האלז הייננגט דאן דער זעלביגער צעטעל,
פוטיפר עפענט, לייענט דאָס בלעטעל.
אך, ווי ערשוינט איז ער געוואָרען
צו זעהען פון וואסער פאמיליע איך בין געבאָרען.

### יוסף

(ערשטוינט).

וואָס הייסט? איהר זייט ניט זליכה'ס קינד?
און איהר ווייסט אייער שטאם? אָה! זאגט שוין געשווינד.

### אסנת

(מיט געוויין).

איך בין פון כנען, מיט אייך פון איין מדינה —
מיין מוטער איז — אייער שוועסטער דינה.

יוסף

אָה גאָט!!

אסנת

און דעם צעטעל האָט דער זיידע געשריבען
בשעת ער האָט מיר פון הויז פערטריבען.
„ווער עס הייראטעט אסנת'ן אצינד,
דער האָט פאר א ווייב יעקב'ס קינד".

יוסף

אָה, הימעל!!

אסנת

(פאלענדיג אין די אָרעמס פון יוסף).
איהר זייט מיין אָנקעל, א ברודער פון מיין מוטער!
אָה, ליעבער יוסף! מיין פריינד מיין גוטער!

יוסף

מיר זענען שוין ביידע פון כנען פערטריבען,
אין דער פרעמד פערוואָרפען, עלענד געבליבען.

(עס ווערט זיי ביידען איבעל. די תפוסים אלע לויפען צו. חרנפר לויפט אריין).

חרנפר

וואָס איז אייך, יוסף? מיין פריינד! מיין טרייער.

יוסף

(קומענדיג צו זיך).
גאָר ניט — גאָר ניט — שוין עטוואָס פרייער.

חרנפר

(צו יוסף'ן).
וואָס קימערט אייך אזוי, זליכה'ס טויט?
דורך איהר זייט איך דאָך געשמידטערהייט.
איך ווייס אז זי האָט זיך געוועזן מתודה,
אויף דעם וואָס מיר ווייסען עס בודאי.

אז אין אייער שטראָף האָט איהר קיין חטא,
זי האָט אלעס דערצעהלט אויף איהר טויטען בעט.

## אסנת

מיר ווייסען דאָך, אז פוטיפר וויים עס פון לאנג,
אייער זיצען תפוס, טהוט איהם באנג;
זיין געוויסען דריקט איהם, דאָס הארץ טהוט איהם פרעסען;
דרום שיקט ער דאָך אייך פון זיין הויז עסען.
נאָר ער איז געצוואונגען דאָס צו פערדעקען,
דען פאר איהר פאמיליע טהוט ער זיך שרעקען.
לאָזט ער אייך לויז, אין דעם משפט ענטדעקען,
וועט מען דאָך דערמיט איהר נאָמען פערפלעקען,
דרום האלט ער די שטריק פון ביידע עקען.

## חרנפר

ליידעט יוסף! גאָטעס שטעקען, —
פילייכט וועט זיך א הילף ערוועקען,
און גאט וועט אייך זיין האנט אויסשטרעקען.

(יוסף קוקט זיך ארום, אזוי ווי ער וויל דאָס ריידען א סוד).

## יוסף

(צו חרנפר).
איך האָב געוואָלט מיט אסנת'ן וואס ריידען,
פילייכט קענט איהר די תפוסים פון מיר שיידען?

## חרנפר

(צו די תפוסים אלע).
געהט אייך, קינדער אויפ'ן הויף ארוים.

(תחרע און עזמות און אלע תפוסים געהען ארוים, און חרנפר אויך).

## יוסף

נאָר מיך וואונדערט אויף מיין פאטער אצינד,
ווי לאָזט ער ארוים פון דריי יאָהר א קינד?
אין גאָטעס וועלט, עלענד, אליין? — —

אסנת

דעם זיידענס כונה קען איך ניט פערשטעהען.

יוסף

(פערטראכט).

יא! יא! זיין כונה איז ניט צו פערשטעהן,
ווי שיקט ער מיר צו מיינע ברידער אליין.
וואָס ער וויים ווי שטארק עס איז זייער שנאה,
זיי וואלטען מיר געשטאָכען דורך זייער קנאה,
און דער פאטער ווייסט דעם סוד פון דעם,
און שיקט מיר דאָך צו זיי קיין שכם?

אסנת

איהר האָט דאָך דערצעהלט וואס מיט אייך פּאַסירט,
אַז די שנאה פון די ברידער האָט אייך איבערגעפיהרט.

יוסף

ביי אונז איז די זיטע פון אייביגע יאָהרען,
אַז דער בכור וואס איז צום ערשטען געבאָרען,
בעזיצט אין דער פאמיליע א מאָנאַרכישען שטאַנד.
ער ריכטעט, ער שטראפירט ווי א קעניג אין לאנד;
און דער פאטער טהוט איהם אָן א קלייד פאר׳ן לעבען,
צום בעוויז, אַז די הערשאפט איז דעם בכור אוועקגעגעבען;
און ווייל מיין פאָטער האָט אָן ראובנ׳ען דערקענט
אַז ער איז צו איילענד, ער פלאמט, ער ברענט, —
דרום גיט ער מיר די הערשאפט, די בכורה,
רחל׳ס א קינד, רחל׳ס א בכור, די ערשטע געבאָרענע פרי,
א זיידענע העמדעל צום סימן גיט ער מיר איבער.
בכן, אַז איך שטייג מיינע ברידער אריבער,
און נאָך זיין טויט בלייב איך דער פיהרער,
דער ריכטער ביי די ברידער, דער גאנצער רעגיערער.
ווי וואויל מיינע ברידער האָט דאָס זעהר געברענט,
נאָר וואס האָבען זיי דען מאכען געקענט?
איך וואר אונטער׳ן שוץ פון מיין פאטער׳ס הענט,
איך האָב פון מיין הערשאפט שטענדיג געטראכט,

ביז דאָס פלעגט מיך טרוימען ביי נאכט.
איך האָב דאָך אייך דערצעהלט ווי עס איז דערגאנגען
ביי דעם טרוים פון די גארבען, זיי וואלטען מיך געהאנגען;
נאָר מיין צווייטען טרוים, בשעת זיי הערען
מיט די זון, מיט די לבנה, מיט די עלף שטערען,
דאָ איז שוין דער פאטער געריהרט געוואָרען דערפון,
דען דאָס מיין איך דאָ איהם, אין משל פון די זון,
אָט דאָ האָב איך שוין זיין עהרע באריהרט,
דען כל זמן ער לעבט, ריכט ער און רעגיערט.
צום ביישפיל, ווען איינער זאָל צום קעניג קומען
און זאגען: מיך טרוימט, איך האָב דיין קרוין צוגענומען.
געווים איז פאר יענעם שוין וועניג די תפיסה,
דען יענער איז געווים חייב מיתה.
דער פאטער האָט גלייך אויף מיר מיט כעס געשריען:
— ווילסט שוין, זוהן, בעצייטענס אזוי הויך פליהען?
דיר איז נאָך וועניג אויף די ברידער צו וואלטען,
ווילסט נאָך הערשען אויף דיין טאַטען דעם אלטען?
די ווילע וואָס ער לעבט, איז דיר שווער אויסצוהאַלטען.
איך האָב פערשטאַנען די נארישקייט, דעם אויגענבליק.
אבער מען קען שוין דעם ווארט ניט כאפען צוריק.
און אין א מאָנאט ארום שיקט ער מיך קיין שכם,
שיינט מיר, אז דער פאטער האָט געהאט א מיין אין דעם,
דען מיר איז א וואונדער א גרויסער, —
מיין פאטער איז דאָך א טרייער, א הייסער,
איבערהויפט מיר ליעבט ער ווי זיין לעבען,
אז ער האָט מיר די בכורה איבערגעגעבען.
טאָ ווי שיקט ער מיר צו מיינע ברידער?
אָה! נאָך יעצט ציטערט מיר מיינע גלידער!
סטייטש, פיעל מאל האָט ער בעמערקט,
אַז זייער שנאה איז געשטערקט;
זייער קנאה ווי פייער ברענט,
און גיט מיר איבער צו זיי אין די הענט?
ניין, ער שיקט מיר נאָר, דרום קיין שכם,
ווייל איך האָב מיך פערזינדיגט קעגען איהם,

דרום שיקט ער מיר וואו זיי ווײדען די שאָף,
אז איך זאל פון זיי בעקומען מיין שטראָף.

אסנת

ווארום האָט איהר ביז יעצט אזוינס ניט געקלערט?

יוסף

ווייל איך האָב פון אייער געשיכטע געהערט,
אז ער לאזט אייך ארוים פון דריי יאָהר א קינד,
איז עס מיר אויפ'ן זינען ארויף אצינד.
נאָר... שא! מען געהט...

(די אלע תפוסים קומען אריין).

אסנת

זעהט יוסף, וואס איז מיט די צוויי גענעראלען,
וואס זיי זענען אזוי אונמוטיג ביי זיך געפאלען?

יוסף

איך וועל צוגעהן צו זיי, מאכען זיי מוטיג,
מען מוז טרייסטען דעם צווייטען, ווען עס איז ניט גוט.

(צו תתרע און עזמות).

וואָס זיצט איהר זא אונמעכטיג? מיינע הערען!
פילייכט איז מעגליך, איהר זאלט מיר ערקלערען.

עזמות

(מיט כעס).

ווי ערוואגסטו דיך, יונג! צו פרעגען?
טויט שלאג איך איהם, ווען איך האָב דאָ מיין דעגען

יוסף

פערצייהעט מיר, מיינע הערען,
איך וויל עס אייך מיט גוואלד ניט בעשווערען;
געוויס בין איך א דינער, דאָס זייט איהר גערעכט,
איך פרעג נאָר, ווארום זעהט איהר אוים שלעכט?
אמאָל איז ריינע וואסער אין א נידעריגען ברונען,
אמאָל קען מען א טרייסט ביי א דינער אויך געפינען.

### אסנת

אך, גאָט פון הימעל! ווי קענסטו זיין אזוי קאלט?
קוק אראָפּ אהער, וואו יעקב׳ס קינד האלט!!

### תחרע

(צו יוסף׳ן).

האָסט פיליכט די קענטניסע צו צייטען,
צי פערשטעהן טרוימען, וואָס זיי בעדייטען?

### יוסף

גאָט קען אויך א דינער א שכל ערוועקען,
וואָס קיין חרטום וועט דאָס ניט ענטדעקען.

### תחרע

היינט פאר טאג טרוימט מיך א טרוים,
אז איך שטעה ביי א וויינשטאָק בוים;
דריי צווייגען געהען פון בוים ארוים;
פאר מיר אין די אויגען וואקסען קנאָספּען אוים;
גלייך הויבען אָן ווינאָגראַדען צו בליהען,
און ווערען שוין צייטיג, גאַר אָהן בעמיהען.
דעם קעניגס בעכער האלט איך גאנץ פריי,
איך גיב א קוק — דער קעניג שטעהט דערביי.
איך קוועטש אוים די וויינטרויבען אין בעכער אריין,
און דערלאנג דעם קעניג א בעכער וויין.
די זעלבע מינוט האָב איך מיר אויפגעוואכט,
איך בין שטארק פון דעם טרוים פערטראכט.
דרום בין איך אומרוהיג די גאנצע צייט,
דען איך קען נִיט וויסען וואס דער טרוים בעדייט.

### יוסף

(נאָך אייניגע מינוטען פּויזע).

מיט דער הילף פון גאָט, בעקום איך א וועג:
די דריי צווייגען — זענען דריי טעג;
צייט דריי טעג קומט איהר אויפ׳ן פאָריגען שטאַנד,
און דערלאנגט דעם בעכער דעם קעניג אין האנט.

נאָר איך וואָלט אייך בעטען פיעל וועניג,
מיך צו דערמאָנען פאר דעם קעניג,
און מיך פון דער תפיסה מאכען לויז,
דער קעניג קען מיר פון פוטיפר׳ם הויז;
פוטיפר זעלבסט וועט זאגען אצינד,
אז איך בין אונשולדיג, איך האָב קיין זינד.
(די אלע תפוסים געהען נעהענטער צו).

### אסנת

איך בין זעלבסט פוטיפר׳ם קינד,
ווייס איך געווים, אז ער האָט קיין זינד.
זיין אונגליק האָט איהם נאָך מצרים געפיהרט,
שוין צעהן יאָהר, אז ער זיצט ארעסטירט.
ער האָט שוין פיעל געליטען אין זיינע יאָהרען,
דיינקט ניט, אז ער איז א קנעכט פון געבאָרען,
מען האָט איהם געשטוילט פון עברים לאנד.
אָה! די עלענדע שיף געהט צו שטראנד!
(זי וויינט. די תפוסים אלע בעדויערען איהם).

### תחרע

וועט דיין בעשיידונג ארויסשיינען העל,
און איך קום צוריק אויף מיין פאָריגע שטעל,
דערמאָן איך דיר ביים קעניג אין הויז,
און גלייך ווערסטו פון געפענגעניש לויז.

### עזמות

ווען דו ביזט אזוי קלוג, דיינע געדאנקען אזוי הויך,
קענסטו פיליכט בעשיידען מיין טרוים אויך?

### אסנת

(מיט א שמייכעל).
ער קען דאָ א גאנצער חרטום ווערען!

### יוסף

וואס האָט אייך געטרוימט?

**עזמות**

מיך טרויםט זיך אויך א גאַנץ געשעפט אָפּ.
דריי קערב מיט געבעקס האלט איך אויף מיין קאָפּ,
פון אויבען אויף די קערב פאלען אַן פייגעלעך.

(יוסף שווייגט).

**עזמות**

וואס שווייגסטו?

**תחרע**

רייד!

**יוסף**

זאָגט מיר צו אויף אייער הן,
אַז מיר וועט דערפון קיין בייז געשעהן.

(אלע).

זאָג! זאָג! די בעדייטונג קלאָר,
דיך וועט ניט קרימען א האָר.

**יוסף**

די דריי קערב, איז דריי טעג,
נאָכ'ן ערקלערען צייט דריי טעג...

**עזמות**

זאָג!

**יוסף**

צייט דריי טעג וועט איהר...

**עזמות**

זאָג! זאָג!!

**יוסף**

וועט איהר געהאנגען ווערען —
און די געבעק איז א בעוויז,
אַז איהר וועט זיין פאר פייגלעך א שפייז.

## עזמות

(מיט צארען).

װאָלט איך איצט געהאט מיין שווערד,
װאָלט איך זיין קאָפּ געשטירצט צו דער ערד!

## יוסף

(צו אלעמען).

אויף דריי טעג, איך אייך, לאָזט מיר אָפּ,
אויב פאלש װעט זיין, גיב איך מיין קאָפּ.

(אלע לויפען צו איהם שלאגען. אסנת שרייט פירכטערליך. חרנפר לויפט אריין).

## חרנפר

װאָס איז דאָ?

(אלע).

יא, יא, דריי טעג מוז מען איהם צייט געבען,
װעט זיי ניט װאהר, פערשפּיעלט ער זיין לעבען.

## אסנת

(צו יוסף'ן).

װעה איז מיר! צו װאס האָט איהר דאָס געדארפט,
אַז יעדער אויף אייך זיין דעגען שארפט?

(חרנפר נעמט יוסף'ן ביים האנט, געהט מיט איהם ארויס, אסנת געהט איהם נאך מיט שרעק).

## חרנפר

קומט ליעבער פריינד, זייט נעבען מיר,
די דריי טעג זייט אין מיין קװארטיר.

(דער פארהאנג פאלט).

(ענדע ניינטע סצענע).

# פערטער אַקט.

## צעהנטע סצענע.

אין צוויי יאָהר ארום.

דער קעניגליכער זאַל.

(דער קעניג אויפ'ן שטוהל. די קעניגין ביים זייט. פיעל גענעראַ־לען שטעהען ארום. די וואַך ביים טיר).

### פרעה

תחרע! האָט דער עברי גלייך די בעדייטונג געטראָפען?

### תחרע

גלייך דריי טעג זענען קוים פערלאָפען,
קום איך אויף מיין שטעל דעם קעניג בעדינען,
און ער האָט זיין אָרט אויפ'ן גאלגאן געפונען.

### פרעה

פון דעם אַלטען עברי האָב איך אויך געהערט,
אז ער איז געוועזן פיעל אויפגעקלערט.

### הדרום

(אַן אַלטער גענעראַל).

מען האָט דערצעהלט וואס מיט איהם האָט פאסירט,
וואָס ער האָט מיט פרעה דעם ערשטען געפיהרט;
אויך מיט אבימלך, דער קעניג פון גרר,
אויך מיט נמרוד, מיט זיין גאנצען דור,—
זיין שטרייט מיט כדרלעומר, תדעל, אריוך, אמרפל,
ווי ער בעזיגט זיי, מאכט זיי נידעריג, שפל;
צוליעב זיינעם א פלימעניק מיט דעם נאָמען לויט,
שטרייט ער מיט זיי און האקט ווי אין קרויט,

און קיין גרויסע מיליטער וואר ביי איהם דאן,
נאָר דריי הונדערט מיט אכצעהן מאן.

פּרעה

שטאמט דער עברי פון דעם אברמ'ען ארויס,
דאן מאך איך איהם געשטיגען און גרויס.

(עס עפענט זיך די טיר, מען פיהרט אריין יוסף'ן. יוסף בוקט זיך צו דער ערד).

יוסף

גאָט פון אברהם! וועלכער „אמת" איז דיין זיגעל,
באשיץ דעם קעניג, אונטער דיינע פליגעל.

פּרעה

דער אלטער אברם, וואס וואר אמאָל היר,
איז ער עטוואס פערוואנדעט מיט דיר?

יוסף

מיין פאטערס אן עלטער פאטער.

פּרעה

(צו די גענעראלען).

שוין לאנג, אז אברם איז היר געווען?

הדרום

צוויי הונדערט זעקס יאָהר, אז דאָס איז געשעהען.

פּרעה

יונגער עברי! דיינע עלטערען ווארען אלע קלוגע לייט;
פילייכט וועט איהר טרעפען, וואס מיין טרוים באדייט.

יוסף

אויסער מיר, דעם מענשענס פערשטאַנד איז גאנץ ווייניג,
גאָט קען אנטווארטען די פריעד פון קעניג.

פּרעה

היינט פאר טאג, איך שלאָף מיר שטיל,
טרוימט מיר: אז איך שטעה ביי דעם טייך ניל.

איך זעה פון טייך געהען זיבען קיה ארויס,
פעט און געזונד, דיק און גרויס,
און זענען אויכ׳ן לאַנקע פערבליבען,
באלד זענען ארוים פון טייך נאָך זיבען
דאַרע, קוואַרע, די ערגסטע אויף דער וועלט,
און האָבען זיך אויך דאָרט אנידער געשטעלט;
נאָר די דאַרע האָבען באלד די פעטע איינגעשלונגען,
און בלייבען דאַר ווי פריהער, אָהן געדערים, אָהן לונגען.
איך האָב מיך אויפגעוואַכט דעם אויגענבליק,
ניט פיעל דויערט, — און איך שלאָף איין צוריק.
עס שטעלט זיך מיר פאר, אַז זיבען דיקע זאנגען
זענען אלע פון איין ראָהר ארויסגעגאנגען,
און באלד שפּראָצען זיבען מאָגערע זאנגען ארוים, —
פראָסט הוילע הייטלעך, וואס דער ווינט שלאָגט זיי אוים
און שלינגען איין די פעטע זאנגען,
דעם בעדייטונג דערפון וואלט איך פערלאנגען,
די חרטומים זענען שוין דאָ ביי מיר געווען,
נאָר קיין ריכטיגע בעדייטונג האָב איך פון זיי געזעהען.
איך היים זיי ארויסשמייסען דורכ׳ן טיר,
איך האָב באלד געשיקט נאָך דיר.

## יוסף

קעניגליכע מאַיעסטעט! ביידע טרוימען זענען נאָר איינע,
דרום טרעפען זיי ניט די בעדייטונג די ריינע;
וואָס גאָט מאכט, ווייזט ער דעם קעניג אויף פריהער,
דען דער טרוים איז ביי גאָט אלס קוריער.
ער ווייזט דעם קעניג, דען זיי זענען אין שטאַנד
פון הונגער נויט צו בעשיצען דאָס לאַנד.
די קיה, די זאנגען, ביידע דיק און פעט,
בעדייט אויף זיבען יאָהר זעט;
דרום איז דער טרוים געוועזן ביים טייך,
דען ער בעפייכטעט די ערד, זעטיגט אָרעם און רייך.
די מאָגערע קיה, די זאנגען די דארע,
אויף זיבען יאָהר הונגער בעדייטעט עס, קעניג פרעה!

זיבען יאָהר קומען אָן, אַזוי האָט גאָט געבאָטען.
די פּיה וועלען פעט זיין, די זאנגען געראָטען.
נאָך דעם קומט גלייך זיבען יאָהר הונגער,
די פּיה וואס דאַרער, די זאנגען וואס גרינגער,
אַז עס וועט ניט קענטיג זיין אין לאנד צו זעהען,
אַז אמאָל איז א זעט געווען.
דרום זענען דאָפּעל ביידע טרוימען,
צום בעוויז, אַז גאָט טהוט עס גלייך בעשטימען.
יעצט מוז דער קעניג זוכען א מענש מיט פערשטאַנד,
אַז ער זאל תבואה קלייבען פון דעם גאנצען לאנד;
מאגאזינען מוז איבעראל געסטראָיעט ווערען,
פון דעם דאָס פאלק פון הונגער צו ערנעהרען.
מיט אלערליי מיטלען די געטריידע צו היטען,
זאָנסט וועט מצרים אין הונגער פערשניטען.

## פּרעה

וואס זאגט איהר, מיינע העררען, אויף דעם יונגען מאן?
איז דען אין מצרים זיין גלייכען פאראן?

## תַּחפּגס.

(די קעניגין).

זיינע ווערטער ווי פּערעל, געוואויגען מיט וואג,
ווי די זון שיינט אין מיטען העלען טאָג.
איך דיינק ווער עס ברייננגט מיר דעם בריעף אריין,
דער מוז זעלבסט צוריק דער שליח זיין —

(צוּ יוֹסֵף'ן).

ווען גאָט פון הימעל גיט דיר דאָס צו פערשטעהען,
האָב איך קיין אנדער פערוואלטער נאָר דיר אליין,
גאנץ מצרים גיב איך איבער צו דיר,
פון יעצט אָן ביזטו דער צווייטער פון מיר, —
אויסער מיין שטול, ביזטו דער איינער,
איבער דיר זאל ניט בעהערשען קיינער.

(פּרעה נעמט אראָפּ פון זיין האנט דעם רינג).

פּרעה

(צום דינער).

די גאָלדענע קייט טראָג אריין!

(דער דינער לויפט און טראָגט אריין די קייט).

פּרעה

קום נעהענטער אברמס זוהן! אָט האָסטו דעם רינג,
פון היינט אָן, ביזטו דער הערשער אויף אלסדינגג.
און די גאָלדענע קייט אויף דעם האלז טראָג,
דאָס יעדער מוז פאלגען דיין פערזאָג.
אויף מצרים א הערשער, וועל איך דיר זעצען.
איהר, מיינע הערען! מוזט איהם עהרען און שעצען.

(די הערען אלע נייגען זיך צו יוסף'ן. יוסף הויבט אויף די הענט צום הימעל).

יוסף

גאָט פון אברהם! ווי גרויס דו ביזט,
הייבסט אויף אָרעמע, עלענדע פון מיסט,
און שטייגסט זיי אויף ביז הימעל גרויס.
אויף די עלענדע אסנת קוק מיט חן;
די צוויי קערפּערס זאלען צוזאמען געהן.
זאָל זי אויך געניסען פון מיין גליק אצינד,
דען זי איז דאָך אויך, אברמס א קינד.

(די קעניגין אלס זי האט איינגעהארכט זיין געבעט צו גאָט).

תחפּנס.

(די קעניגין).

ווער איז די אסנת? איהר האָט א פרוי?

יוסף

איך האָב קיין פרוי, נאָר אסנת וואר מיין פריינד דער בעסטער,
זי איז א טאָכטער פון מיין שוועסטער.
פּוטיפר האָט איהר ערצויגען ביז אצינד,
אסנת רעכענט זיך פאר פּוטיפר'ס א קינד.

נאָר ווען זליכה ליגט אויף איהר טויטען בעט,
האָט זי אסנת׳ן ענטדעקט דעם סעקרעט,
דאָס זי איז יעקב׳ס אן אייניקעל, פון כנען געבאָרען,
און זי איז אלס פינדליג ערצויגען געוואָרען
אין פוטיפרס הויז, ווען איך בין אָנגעקומען,
האָט אונז גאָטעס האנט ביידען צוזאמען גענומען;
איהר רוף איהר פריינדין, און ווייס ניט ווי אזוי,
און זי בעפייכטעט מיין הארץ ווי פון הימעל דער טוי.
אָה, גאָט! די פערוועלקטע בלום, זאלסטו ערפרישען,
זאָל זי מיט מיר גלייך דיין הילפע געניסען.

## תחפנס.

(די קעניגין).

בריינגט אהער אסנת און פוטיפר׳ן אין מיין קאראט.

(צו די דינער).

זעהט יוסף! איך ערפיל אייער געבעט צו גאָט.

(די דינער לויפען ארויס).

## פרעה

(צו די דינער).

פיהרט דעם יונגען הערען אריין דאָ אין חדר,
ציהט איהם אָן וויצע־קעניגשע קליידער.

(די דינער פיהרען יוסף׳ן מיט עהרע ארויס).

(די קעניגין).

אין אסנת מיט יוסף׳ן, אין די צוויי אברמס קינדער,
זעהט מען איינס פון די גרויסע גאָטעס וואונדער.

## פרעה

ווי זייערע הערצער איז געבונדען געוועזן,
ניט וויסענדיג אליין פאר וואס, פאר ווען.

(די קעניגין).

דאָ אין זאל, וועל איך די פארטיי שליסען,
זאָלען אברמ׳ס צוויי אייניקלעך נחת געניסען.

(די מוזיק קומען אריין, פאנגען אן צו שפיעלען, אין צעהן מינוט ארום קומט אריין פוטיפר, פיהרט אסנת'ן פאר'ן האנט).

### פרעה

(צו פוטיפר).

(פוטיפר קניט זיך פאר'ן קעניג, די דינער פיהרען יוסף'ן אריין, גע־קליידעט זעהר רייך, פוטיפר ווערט ערשטוינט).

### תחפנס.

(די קעניגין צו אסנת).

פערלאנגסט צו הייראטען פאר דיעזען הערען?
ער איז א וויצע קעניג, מוז איך דיר ערקלערען!

(אסנת פאלט די קעניגין צו די פיס).

### אסנת

קעניגליכע מאיעסטעטין! זאלען די קערפערס זיין געקניפט,
וואס זייערע זעלען זענען שוין פון לאנג געליעבט!!!

(דער קעניג זעלבסט געהט פון זיין שטוהל אראפ. נעמט אסנת'ן פאר איין האנט, יוסף'ן פאר דער צווייטער, בינדט זיי צוזאמען).

### פרעה

גאָט זאָל דעם בונד אויף אייביג בינדען,
זעליגקייט און גנאדע זאלט איהר ביי איהם פינדען.

### תחפנס.

אייער לעבען זאל זיין זיס און בערוהט,
ליעבט זיך עוויג ווי די יעצטיגע מינוט.

### אסנת

אָה, גאָט!! אין דעם אויגענבליק
זעה איך מיין טרוים פון צוועלף יאָהר צוריק.
דער לייב האָט מיר אויף זיך געהויבען,
און אריין מיט מיר אין שטייג פון די לייבען!

## פרעה

(צו פוטיפר'ן).

קיין שעכט-מייסטער ביזטו מעהר שוין,
נאָר אַן אויבער-פריסטער ביי די קירכע און!

(צו יוסף'ן).

ווייל אלע געהיימניסע איז פאר אייך אָפען,
דרום זאל מען אייך „צפנת פענח" רופען.

(די זינגער).

1.

פרעה דיך מצרים לאנד,
יוסף פיהרט דיך פאר'ן האנט.
אברהם'ס קינדער ווערען אייניג, —
דער פערבינדער איז דער קעניג.

(דער קאָר מיט די מוזיק).

זינגט און לויבט, דעם גרויסען גאָט,
וואָס זיינע וואונדער בעוויזען האָט.

2.

(די זינגער).

די חרטומים מוזען גרייזען,
נאָר יוסף מוז די וואהרהייט ווייזען,
דאן וואר יוסף דער גרויסער-מיניסטער,
און פוטיפר דער אויבער-פריסטער.

(דער קאָר מיט די מוזיק).

זינגט און לויבט דעם גרויסען גאָט,
וואָס זיינע וואונדער בעוויזען האָט,

2.

(די זינגער).

קוק אברהם, דו הייליגע זעלע!
בענש די קינדער פון דיין קוועלע,

גיב זיי נחת פאר דעם צער,
לעבט אין פריעדען יונגע פאר.

(אלע).
לעבט אין פריעדען, יונגע פאר, הורא!!!!!

(ענדע צעהנטע סצענע).

# פינפטער אקט.

(אין ניין יאהר ארום).

יוסף'ס פריאם זאל (עמפפאנגס־צימער).

(יוסף, אסנת. מנשה. אלט אכט יאהר, אפרים אלט זעקס יאהר).

## אסנת

ווי איז דאָס פארט צוגעגאנגען ?

## יוסף

איך האָב דאָך דיר שוין לאנג ערקלערט,
אַז צייט דער הונגער איז געשטערקט
— און אין כנען איז נאָך צעהן מאָל מעהר —
האָב איך גלייך געוואוסט, זיי מוזען קומען אהער;
דרום האָב איך געלאָזט אויסרופען,
אַז ווער עס וויל אין מצרים תבואה קויפען,
מוז קומען אליין, ניט שיקען קיין קנעכט.
אויף צוויי אייזלען איינער האָט אויך קיין רעכט,
און מיט תבואה טאָר קיינער קיין האנדעל טרייבען,
און איטליכער מוז ביים טויער זיין נאָמען פערשרייבען.
מיט אמאָל, אייערנעכטען ביי־נאכט —
האָט מען מיר דעם רייסטער געבראכט,
די נעמען פון מיינע ברידער האָב איך דאָרט בעטראכט, —
גלייך פערזאָג איך אלע שפייכלערען זאל ווערען פערמאכט,
אויסער איינעם זאל מען לאָזען אָפען;
דריי טעג אבער איז שוין פערלאָפען,
און זענען צום שפייכלער נאָך ניט געקומען;
דער רייסטער ווייזט פארט זייערע נעמען,

דרום שיק איך היינט אין דער פאָליציי,
מען זאל לויפען אין די גאסען, אויפזוכען זיי.

אסנת.

נו, ווי דיינקסטו יוסף מיין לעבען!
ווילסט זיך צו זיי צו ערקענען געבען?

יוסף

ניין, פריהער וויל איך דערגעהען מיט געדולד,
ווער עס האָט אין מיין פערקויפען א שולד,
צו מיין פאטער זעלבסט, ווייל איך האָב זיין עהרע באַריהרט
דורך מיינע טרוימען וואס איך האָב אויף איהם רעגירט;
בכן שיקט ער מיך צו זיי, איך זאל ווערען שטראפירט;
דען זיין האַנט האָט נאָך נימאָלס קיין מענשען איבערגעפיהרט,
אָדער די ברידער אליין וואס פלעגען שטענדיג אויף מיר לויערען,
האבען מיר זעלבסט פערקויפט, און דער פאטער מוז טרויערען.
יעצט, אז זיי קומען זעלבסט צו מיר אין האנט,
וועל איך איהם זעהען צו דערגעהן מיט פערשטאַנד,
און וועל מיט זיי אָנציהען, זייטיגע אינטערעסען,
כדי איך זאל קענען דעם אמת אויספרעסען,
דאן וועל איך שוין זעהען צו דערגעהען,
צי זיי האָבען מיר פערקויפט, צי דער פאטער אליין.
און דרום האָב איך ביז יעצט צום פאטער ניט געשריבען,
דען איך בין פון איהם זעלבסט מיט האס פערטריבען.

(צו מנשה'ן).

קום אהער מנשה! מיין יונגעם קינד,
די שטעלע פון אן אדוואקאט וועסטו בעטרעטען אצינד.
איך וועל מיך מאכען, דאָס איך פערשטעה קיין העברעאיש,
וועסטו מיר אין עגיפטיש איבערזעצען זייערע דעות.

(עס הערט זיך טריט פון מענשען מיט געוועהר).

יוסף

(צו אסנת).

אסנת לעבען! דיין צארטעס געפיהל פערטראגט קיין שמארץ,

געה דיר אריין אין זאל, — איך מוז מיר מאכען הארץ.
(אסנת בלייבט דאך שטעהן, עס קומען אריין די צעהן זיהן פון יעקב
פערוואכט ארום, די פאליציאנטען מיט צוויי בעאמטע בלייבען שטעהן
פון דער זייט. די ברידער נייגען זיך אלע צו דער ערד).

יוסף
(אין דער שטיל).
דעם טרוים פון די גארבען, זעה איך דא פארגעשטעלט.

אסנת
אבער דער עלפטער — בנימין פעהלט.

יוסף
(הויך).
נאך וואס קומט איהר? פון וואנען זייט איהר געבארען?

(מנשה זעצט איבער אין העברעאיש).

די ברידער
מיר קומען פון כנען, אהער קויפען קארען.

יוסף
אז איהר קומט אין מצרים קארען קויפען,
וואס לוינט אייך אין די הינטער־גאסען צו לויפען? —
שוין דריטען טאג, אז איהר זייט דא,
איך פרעג אין מאגאזין, זייט איהר ניטא.
און יעצט קומט איהר אויך ניט אליין אהער,
איך מוז נאך אייך שיקען חיל מיט געוועהר.
אן אייער געזיכט איז לייכט צו דערקאנען,
אז איהר ברויכט קיין קארען, איהר זייט נאר שפיאנען;
אבער אייער ראטה גילט אייך ניט,
איהר האט אייך :עבעך אומזאנסט בעמיהט.

יהודה
הערר וויצע קעניג !איהר אירט אייך אין זעהען,
אייניקלאך פון אברהם העברי זענען נימאלס קיין שפיאנען געוועז.

מיר זענען אלע פון איין פאטער געבארען,
וואלטען מיר זיין שפיאנען, טא ווי לאזט ער אונז פאהרען.
אויף דעם איין קינד וואס פעהלט איהם, קלאגט ער אהן רחמנות.
וועט ער נאך שטעלען צעהן קינדער אין סכנות?

## יוסף

(צו עבדון).

ווייז פון די טויערען די צעטלעך;
לייען דא איבער די בלעטלעך.

(עבדון האלט א בלאט א גרויסע פון א בוים, וועלכע עס נענט זיך פאפירוס. דאס גילט אין יענע צייטען צום שרייבען).

## עבדון

(לייענט).

ראובן דורך דעם טויער
שמעון דורך דעם צווייטען,
לוי דורך דעם דריטען,
יהודה דורך דעם פערטען.

## יוסף

גענוג! ווען אין מצרים די טויערען
וואלט זיין צוואנציג טויערען,
נו, פרעג איך אייך אן,
ווי וואלט איהר דאמאלס געטהאן?
צעהן ברידער געהען קויפען קארען,
פלוצלונג זענען זיי צושפרייט געווארען;
אלע דורך פערשידענע טויערען,
און דריי טעג טהוט נאך דויערען,
ביז איך מוז זיי שיקען זוכען,
איז דאס דען ניט אויף שפיאנעריי א צייכען?!

## יהודה

הער וויצע קעניג! מיר האבען קיין מלוכה צו פיהרען,
וואס לוינט אונז צו קומען אין מצרים צו שפיאנירען?
מיר זענען צוועלף ברידער, איינער איז צו הויז געבליבען,

איינער איז ניטאָ — וואָס דער פאטער פלעגט איהם ליעבען.
מיר האָבען געוויידעט די שאָף, שוין היינט צוויי און צוואנציג יאָהר;
דער פאָטער שיקט איהם, — אונז ווערען געוואָהר,
איז ער אויף דעם וועג פערפאלען געווארען,
נאָר אראבער זענען דאָרטען פערביי געפאָהרען;
פיהרען געווירץ קיין מצרים צו קומען,
קלערען מיר, פיללייכט האָבען זיי איהם פערנומען.
דרום זענען מיר אריין אין בעזונדערע טויערען,
מיר זאלען דאָרטען אונזער ברודער לויערען;
מיר האָבען איהם אויך אין די גאַסען געזוכט,
פיללייכט געפינען מיר איהם, האָט זיך אונז געדוכט.

### יוסף

(צו די הערען).

איך פרעג אייך, מיינע הערען! גענעראלען!
ווי ווערט עס פאָרט א ברודער פערפאלען?

(צו די ברידער).

וואס איז גראד מצרים, צו אלע פורעניות מוכן,
וואס גראד אהער קומט איהר איהם זוכען?

(צו די וואך).

פיהרט זיי דאָ אריין אין צווייטען צימער.

(די פאָליציאנטען פיהרען די ברידער ארויס. יוסף ווינקט צו די אדיו־טאַנטען זיי זאלען אויך ארויסגעהן).

### אסנת

מיך וואונדערט זעהר אויף דיר מיט דיין שטרייט;
דערזעהסט דיינע ברידער קומען פון ווייט,
און האָסט זיי ניט געזעהען זא א לאנגע צייט,
פלוצלונג האָסטו דיין רחמנות פערשפארט.
מאכסט זיי בלבולים, רעדסט אזוי הארט?
איך האָב זיך ניט געקענט פון טרערען איינהאלטען,
ווען זיי האָבען דערמאָנט, דיין טאַטען דעם אלטען;
אָה, יוסף! דיין כאראקטער ווי זיס, ווי גוט!
אָבער ווי פירכטערליך! ביי דיין שטריינגען מוטה,

אַה! דיין הערשאפט ווי גוט דו קענסט,
דו ביזט ווי א פלאם, דו ווארעמסט און ברענסט —
איך ווייס ניט, ווי קען מען זא פיעל טרעהרען צווינגען;
דאָס הארץ איז מיר שיער ארויסגעשפרונגען.
אַה, וואס פאר א העלדען, וואס פאַר א פארשווינען!
אך! ווען זיי וואלטען אין מצרים וואוינען!
ווי גליקליך וואלט איך געווען,
מיין מוטער מיט די אויגען צו זעהן.

(אסנת און יוסף ווייגען ביטערליך).

יוסף

זיי רוהיג אסנת! וויש אָפּ דיינע טרערען,
מען מוז די זאך אויף ריכטיג ערקלערען.
איך לאז זיי נאָך פיהרען אין תפיסה מיט די וואך,
כדי צו מאכען זיי שטרענגער די זאך.
דאָך וועל איך נאָר פערהאלטען שמעונ׳ען אליין,
אלעמען וועל איך הייסען אהיים געהן;
איך וועל נאָך הייסען בנימינ׳ען טראנספּאָרטירען, —
פון איהם וועל איך די ריינע ווארהייט אויספיהרען;
דען ביים פערקויפען, וואר ער ניט דערביי, —
וועט ער זיך ניט פירכטען צו זאגען דעם אמת פריי.
איהם וועל איך ענטדעקען, דאָס איך בין יוסף אליין,
ער וועט מיר זאגען, צי דער פאטער וויים, צי ניין.
דען פון די ברידער איז קיין סברה ניט צו ענטדעקען,
ווער וויל עס זיין אייגענעם נאָמען פערפלעקען?
בכן וועל איך הייסען ברייגען מיין ברודער בנימין,
אוי, מיין הארץ צוגעהט מיר, ווען איך דערמאָן זיין נאָמען,
מיין ברודער פון איין מוטער, מיין לייב, מיין אבר,
געהענדיג קיין מצרים, בעזוך איך נאָך די מאמעס קבר,
די ווערטער, וואס איך האָב פון איהר קבר געהערט,
ווען איך בין געלעגען אין אונמאכט אויף דער ערד,
קומען מיר יעצט פאר די אויגען פאָר,
און איהר הבטחה זעה איך איצט קלאָר.
מען פיהרט — זאגט זי — די קאלב אליין,

וועט שוין די מוטער ממילא נאָכגעהן.
אָה, הייליגער פאטער! דיין שיין, דיין ליכט!
ווי דערלעב איך צו זעהען דיין געזיכט!
אבער אָהנע צייט איז קיין צייט —
א הערשער מוז פיהרען מיט געדולדיגקייט,
אָהנע געדולד מוז דער חכם אויך גרייזען,
נאָר די געדולד מוז די ווארהייט ווייזען.

אסנת

וועסט נעהמען ביי זיי פאר די תבואה געצאָהלט?

יוסף

חלילה, איידער זיי פאָהרען אוועק,
היים איך די געלט לעגען אין זייערע זעק.

(צו מנשה'ן).

רוף זיי אריין.

(די ברידער קומען אריין).

(צו די ברידער).

איך האָב מיך בעראטהען מיט מיינע מיניסטאָרען,
דאָס איינער זאל פון אייך צו הויז פאָהרען,
און אייער אינגסטען ברודער בריינגט אהער
צו פּרובירען, וואס מיט אייך איז דער מעהר;
דערווייל עברים מוזט איהר זיצען פערוואכט,
ביז אייער ברודער וועט ווערען געבראכט;
אויב ביישטעהן ביי די פּראָבע, וועט ער ניט קאָנען,
שווער איך ביים קעניג, דאָס איהר זייט שפּיאָנען.

(די פּאליציאנטען פיהרען זיי פון שטוב ארויס. אסנת ברעכט די הענט. יוסף פארשטעלט דאָס געזיכט און וויינט. דער פאָרהאַנג פאלט).

(ענדע עלפטע סצענע).

# זעקסטער אקט.

איין פיער מאנאטען ארום.

דער פריאם זאל.

(עס עפענט זיך די טיר, עס קומען אריין אלע ברידער פון יוסף.
בנימין אויך אונטער זיי. קוקען זיך ארום, אז קיינער איז ניטא).

## יהודה

עס איז ניט אומזאָנסט
וואָס ער לאזט אונז צו זיך אהיים פיהרען,
מיר האָבען שוין געטהאָן, וואס ער האָט געלוסט;
בנימינ'ען אויך געבראכט צו טראנספּאָרטירען.
איידער דער פאטער האָט מיר איהם געטרויט,
איז אונז אָנגעקומען שווער, גלייך מיט'ן טויט.
דעם הייסען קומען אין הויז איז א גרויסע ראיה,
אַז ער זוכט שוין אויף אונז בלבולים נייע;
געווים פאר די געלט, וועלכע מיר געפינען אין די פעק,
וואָס ער הייסט עס מיט פליים צוריקלעגען אין די זעק.
הכלל, ברידער, מיר האלטען שלעכט!
מיר בלייבען אין מצרים אויף אייביג קנעכט.

## ראובן

אז יוסף איז דורך אונז אין מצרים א קנעכט,
איז דאָס אפנים ביי אייך רעכט?
און ווי עס קומט צו אונז, איז שוין ניט גוט.
יוסף איז פון אייזען, מיר פון פלייש און בלוט,
ליבערשט וואָלט איך דאמאָלס פיהלען זיינע שמאַרצען.
ווי איהם איז נעבעך געווען אויפ'ן הארצען.
ניין, ברידער! איהר זאלט נאָר ניט דאגה'ן,

יוסף'ס בלוט וועט געווים ניט שווייגען.
זעה, ברודער, ווי דו רעדסט ווי א קינד,
צי פאר אונזער קערפער זארגען מיר אצינד?
מיר האָבען דאָך צו הויז א פּאַטער מיט א געזינד;
זיי נעבעך בלייבען ווי מעקענע אויפ'ן ווינד,
ווען מען זאָל אונז איצט קיין תבואה ניט געבען,
אין א חודש ארום, פון וואנען וועלען מיר לעבען?
שלעכט ברידער... שא... מען געהט...

(סלוא קומט אריין).

## סלוא

וואָס געהט איהר ניט אין זאל, וואס שטעהט איהר פון פּאַרענט?
וואָס זייט איהר אזוי פערקרימט, פערצארענט?

## יהודה

איך בעט אייך, ליעבער הער!
וואָס איז מיט אונז דער מעהר?
דעם ערשטען מאל ווי מיר האָבען די קאָרען גענומען,
און מיר זענען אונטערוועגענס אין א קרעטשעב נעקומען,
מיר כאַפּען זיך צו אונזערע זעק,
די געלט מיטן' וואג ליגט אין די פעק.
יעצט ברייננגען מיר די געלטען ביידע,
פאר יענע און פאר פרישע געטריידע.
מיר ווייסען זיכער ניט, וואס קען דאָס זיין,
ווער לעגט אונז די געלט אין די פעק אריין?

## סלוא

פירכטעט ניט פריינד! פון גאָט איז עס געוועזן
עס וועט אייך חלילה, קיין בייז געשעהען.
גאָט גיט זיינע קנעכט, וועלכע איהם דיענען,
זיי זאלען געלט ביי זיך אין די פעק געפינען;
אייער ברודער איז שוין אויך לויז,
גלייך קומט ער אהער אין הויז,
איהר זייט היינט געלאדען ביי מיין הערען צום טיש,
זאָרגט ניט, לוסטיג זייט, מונטער און פריש.

אָט האָט איהר וואַסער וואַשט ארום די פּיס.
אייערע אייזלען שטעהען אונטען? אוי, א רחמנות אויף זיי.
איך היים זיי שוין דערלאנגען היי.

(סלוא געהט ארויס).

יהודה

וואָס זאגט איהר אויפ׳ן אדיוטאנט? ווי פריינדליך, ווי פיין,
הלואי דער וויצע קעניג זאל ניט ערגער זיין.

יששכר

זאָל שוין גאָט געבען, פאר אונזער צער,
מיר זאלען שוין האָבען נחת דערפאר.

(שמעון קומט אריין).

(אלע).

גאָט העלף דיר! וואס מאכסטו ברודער?
געלויבט איז גאָט, אז מען זעהט זיך ווידער.

שמעון

אז אלע תפוסים, וואלט געווען ווי מיר,
וואלטען זיי מיט פלייס גנב׳ענען, צו זיצען אין מיין קווארטיר.

זבולן

(צו די ברידער).

זיין געזיכט, ברידער! זעהט,
קיין בייז אויג, ווי דיק, ווי פעט.

שמעון

איהר קלערט בודאי אויף דאָס געוויסע,
אז איך האָב תעניתים געפאסט אין תפיסה?
וואָלט איהר נאָר זעהן, וואָס פאר א קעסט
מען האָט מיר געטראגען עסען פון דאָס בעסט,
וואלט איהר זיך פארזאמט נאָך א פּאָר וואכען,
וואָלט איך שוין פון טיר ניט ארויסגעקראכען.

(ענדע צוועלפטע סצענע).

## דרייצענטע סצענע.

דער גאסט זאל פון יוסף.

(דריי טישען געגרייט צום עסען, אייניגע אדיוטאנטען נעהען ארום איבער'ן זאל, ריידען צווישען זיך. אייניגע חרטומים זיצען אויף שטוהלען. יוסף געהט אריין, זיין קנעכט נאך איהם).

### יוסף

(צו עבדון).

רוף אריין די עברים!

(עבדון געהט ארויס, די ברידער קומען אריין, נייגען זיך צו דער ערד. יהודה טראגט אין האנט א קארב מיט אלערליי פרוכט פון כנען, אין די צווייטע האנד א בריעף).

### יוסף

וואס מאכט איהר עברים? אייער פאטער וואס מאכט?
האט איהר אייער איינגערען ברודער געבראכט?

(בנימין געהט צו, נוינט זיך צו יוסף'ן).

### יוסף

אט דאס איז אייער ברודער לעבען?

(צו בנימין).

גאט זאל דיר גנאדע געבען!

(יהודה דערלאנגט יוסף'ן די קארב מיט דעם בריעף).

### יהודה

אונזער אלטער פאטער שיקט עס דעם הער וויצע קעניג אליין,
נעמט עס אן מיט חן, ווי אויך זי איז קליין.

(יוסף נעמט עס צו מיט דעם בריף, די קארב גיט ער דעם קנעכט. ער עפענט דעם בריעף און לייענט „פון מיר יעקב בן יצחק בן אברהם העברי"... יוסף דערקענט דעם פאטערס האנט, ער קען זיך ניט איינהאלטען פון געוויין).

יוסף

גאנץ רעכט, זעהר שעהן!

(מאכט א בעוועגונג)

גלייך קום איך אריין!

(ער געהט אוועק אין זיין קאבינעט. די דינער גרייטען צום טיש. אין איינינע מינוטען ארום קומט יוסף אריין).

יוסף

נו, ווארום זעצט איהר אייך ניט ביים טיש?

(די אלע אדיוטאנטען און די חרטומים זעצען זיך אויף א באזונדער טיש. אויף איין טיש זעצט זיך אסנת, יוסף, מנשה, אפרים).

יוסף

ווארום זעצט איהר אייך ניט? עברים!

(יוסף געהט צו, און זעצט די ברידער אויף דעם דריטען טיש, יעדערען נאך זיין עלטער. די ברידער וואונדערען זיך זעהר. יוסף זעצט זיך נעבען אסנת. זיי עסען, נאך דעם עסען ווערט דערלאנגט וויין. מען גיסט אן אין בעכער. דער דינער דערלאנגט די עברים א טאץ מיט עלף בעכער וויין).

יוסף

טרינקט, עברים!

יששכר

שוין צוויי און צוואנציג יאהר ווען די געשיכטע זיין,
אז מיר היטען זיך צו טרינקען וויין;

יוסף

געוויס צוליעב אייער פערלארענעם ברודער;
זארגט ניט, גאט וועט אייך איהם ווייזען ווידער.

ראובן

גאט וויים, ווען דאס וועט אמאל זיין;
דערוויל געהט נעבאך דער פאטער איין.

יוסף

ווען גאט וויל, איז היינט אָדער מארגען,
טרינקט עברים! געננוג שוין זארגען!

(זיי טרינקען אלע, עס ווערט דערלאנגט נאך עלף בעכער וויין, אלע טרינקען פאר געזונט, יוסף האלט דעם בעכער אין האנט.)

יוסף

נו, פאר געזונט אייער אלטען פאטער!

(די ברידער מיט די בעכער אין די הענט).

(די ברידער).

פאר געזונד דעם קעניג פון מצרים!
פאר געזונד דעם הער וויצע קעניג!
פאר געזונד די קעניגליכע מאדאם!
פאר געזונד זייערע קעניגליכע קינדער!

(אסנת מיט'ן בעכער אין האנט).

אסנת

איהר האָט צו הויז, שוועסטער אויך?

(די ברידער).

איינע נאָר.

אסנת

נו, פאר געזונד אייער שוועסטער!

(אלע טרינקען).

יוסף

(צו די חרטומים און אדיוטאנטען).
פון אברהם דעם עברי, האָט איהר דאָך געהערט פון ווייט,
זיינע אייניקלעך, זענען דיעזע לייט.

בקבקר

אָה, מען דערמאָנט איהם אומעטום ענטציקטערהייט.
שוין לאנג, ליעבסטע פריינד! אז אברהם איז טויט?

(די ברידער).
שוין הונדערט מיט פופצעהן יאָהר.

(דער אחרטום)
איך וואלט עס וועלען פערשטעהן אויף קלאָר,
זיין סיסטעם מיט׳ן גלויבען צו ווערען געוואָהר.

## יששכר

יעדער זאך אויף דער וועלט אז מיר קוקען צו,
שטימט עס צוזאמען א גאנצע הארמאָניע;
ווען פון די אלע וואָלט איינע געפעהלט,
וואָלט איין מינוט ניט איינשטעהן די וועלט.
די זון שטימט מיט וואסער, ווינד און ערד,
און אזוי יעדע זאך פונקט פערקעהרט,
דאָס אליין איז גענוג א בעוויז, א סימן, —
וויבאלד די אלע מוזען צוזאמען שטימען,
אז איין גאָט די וועלט פיהרט און רעגירט,
ווען ניט וואלט דאָס אלעס צוזאמען ניט געהארמאָנירט —
ער גיט דעם קראפט, אין יעדער זאך בעזונדער,
זיי זאלען ערפילען גאָטעס וואונדער,
און ווי ער האָט זיי פון אָנפאנג געשטעלט,
היטען זיי דעם גאנג, נאָך איינם ניט געפעלט.
די זון הייסט ער לייכטען, זי לייכט;
דעם רעגען פייכטען — ער פייכט;
דעם בוים הייסט ער בליהען, — ער בליהט;
דעם פויגעל הייסט ער פליהען, — ער פליהט;
דעם ווינד הייסט ער וועהען, — ער וועהט;
דעם טייך הייסט ער געהען, — ער געהט; —
דרום שרייט מיין זיידע אויף די פערשטאָפטע מוחות,
וואָס פערגעטערען די שלוחים, דיענען צו די כוחות,
די קראַפט, די נאַטירליכקייט, וואָס יעדער זאך האָט,
דערצו דיענען זיי, דאָס רופען זיי „גאָט“.
און פערשטעהען ניט, אז דאָס זענען נאָר קנעכט,
אָהן גאָט קענען זיי ניט טהאָן ניט גוט, ניט שלעכט,
און די מענשען פערקוקען זיך אויף די בעשעפּע ווי שעהן,

און פערגעסען דערוויל אָהן בעשעפער אליין;
מען זעהט ניט אין הימעל אזוי פיעל שטערען ביי נאכט,
וויפיעל געטער זיי האָבען שוין אויסגעטראכט,
און האָבען קיין געדאנק צו פערשטעהן מיט א זין,
אַז אלע רעדלעך דרעהט איין מאַשין,
פון איין קראפט מוזען אלע רעדלעך געהן,
און די איין סבה, דאָס איז גאָט אליין.
ער פערלאנגט קיין מענשען פאר קרבנות,
נאָר איינער אויפ'ן צווייטען זאל האָבען רחמנות;
אָט דאָס האָט אברם מיט זיין שכל געזעהען,
דערנאָך איז איהם זיין גאט צו הילף געווען;
אלע געהיימניסע האָט ער איהם ענטדעקט,
אלע פערבאָרגענהייט האָט ער איהם אנטפלעקט,
און מיר זענען פון איהם דער פערטער דור,
וואָס מיר לערנען זיין גלויבען קלאָר.

## יוסף

(צו די חרטומים).
וואס זאגט איהר אייער מיינונג אויף דעם איבעראל?

(די חרטומים).
דער גלויבען איז געשעפט פון א פילאָזאָפישען קוואל.

## יששכר

איין ספר איז פון מיין זיידען געבליבען,
וועלכער איז מיט גרוים פערשטאַנד געשריבען,
פון אלע געהיימניסע, פון דעם גלויבען,
פון די אלע בעשעפע, פון אונטען ביז אויבען,
איבערהויפט געפינט מען דאָרט צו לעזען,
דאָס גאט איז ניט קיין קערפערליכער וועזען;
ער האָט ניט קיין גוף, וואס איהם דערהאלט,
קיין אָדערען, קיין גלידער, אויך קיין געשטאלט.
קיין ברייט, קיין הויך, קיין מאס, קיין אָרט,
און איז פול אומעטום, דאָ און דאָרט.

עס איז ניטאָ קיין אָרט אין דעם גאַנצען רוים,
אין ווינד, אין פייער, אין ערד, אין בוים;
וואָס דאָרט טהוט זיך גאָט ניט געפינען,
אָבער עס זעהען קיין אויגען, נאָר דער זינען.
די זעלבע לעהרע האָט דער זיידע פאַר'ן לעבען,
זיין זוהן, אונזער זיידען איבערגעגעבען.

יוסף

יאַ, יאַ, געוויס איז די ווערטער זעהר ריכטיג,
זעהר ערהאבען, אמת! ריכטיג!

(יוסף און אלע שטעהען אויף פון טיש. אלע געהען ארויס אין דעם צווייטען זאַל, נאָר יוסף און אסנת בלייבען).

אסנת

ווייז נאָר דעם בריף פון מיין זיידען.

יוסף

(אלס ער דערלאַנגט דעם בריעף).
אָה! זיין ביטער הארץ טהוט ער זיך דאָרט אויסריידען.

אסנת

(לייענט).
„צום אלער דורכלויכטיגסטען פירשט און הערשער
אויף דאָס לאַנד מצרים „צפנת פענח"
גאָט! בעגליק איהם אין אלע זיינע וועגען, אמן."
ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען צו הערען פון מיינע קינדער,
דאָס דער הער בעשולדיגט זיי מיט דעם נאָמען זינדער.
עס וואונדערט מיר זעהר, איך האָב געהערט,
אַז דער וויצע קעניג איז פיעל אויפגעקלערט;
זאָל דער הער אָן זיי ניט דערקענען,
אַז זיי זענען ניט קיין שפּיאָנען?
און דאַן לאָזט איהר איינעם אין תפיסה פיהרען,
און הייסט מיין אינגסטען זוהן צו אייך טראַנספּאָרטירען,
וועלכע זיין מוטער האָט מיר נאָר צוויי געבאָרען,

איינער פון זיי ביידען איז פערלאָרען געוואָרען;
וואָס איך וועל אייביג אויף איהם טרויערען,
ביז צו מיין קבר וועלען די טרערען דויערען.
נאָר זיין ברודער איז מיר פערבליבען,
מיט איהם האָב איך נאָך מיין צער פערטריבען;
ביטער, שווער, איז צו שיידען זיך מיט'ן לעבען,
נאָך שווערער איז מיר דעם קינד אוועק צו געבען;
איך בעט דעם הער וויצע קעניג, מיט רחמנות זיך צו בעגעהן,
חלילה, אז ניט, בין איך געצווינגען צו קומען אליין,
און וועל מיינע הייסע טרערען גיסען פאר זיין שטול,
דען דאָס הארץ איז מיר מיט שמערצען פול.
און אויב עס וועט ניט העלפען מיינע טרערען, מיין ריידען,
האָב איך נאָך א מיטעל בירושה פון מיין זיידען.
איך בעט צו גאָט! מיט טרערען, מיט ברומען,
מוז מיר גלייך זיין הילף פון הימעל קומען.
הונדערט דרייסיג יאָהר איז מיר יעצט געוואָרען;
צרות האָב איך געהאט מעהר פון מיינע יאָהרען;
און אז איך רוף צו גאָט, ווען איך בין געדריקט,
האָט ער מיר אייביג זיין הילף געשיקט.
נעמט ניט איבעל, פיליכט בעריהר איך זייער גרויסע עהרע,
דאן דאָס רעדט מיין הארץ די שווערע,
מיין קאָפּ איז פערדרעהט, מיין הארץ פערביטערט;
מיין קערפּער געבויגען, מיינע אברים ציטערט,
גאָט! בעהיט דעם הערן פון אזעלכע אונגליקען,
אין אלע וועגען, זאל דער הער באגליקען,
און גאָט זאל איהם מיט זיין פאמיליע געבען
געזונט און גליק און לאנגעם לעבען.
פון מיר יעקב בן יצחק בן אברהם העברי."

(אסנת פאלט אין די ארעמס פון יוסף).

(ענדע דרייצעהנטע סצענע).

## פערצעהנטע סצענע.

יוסף׳ס לוסט־גארטען.

(דער גארטען צוטיילט זיך אויף העלפט. אין מיטען שטעהט א וואנד).

(יוסף, בנימין, עבדון).

### יוסף

דערצעהלט מיר, וואס האָט מיט אייער פאטער פאסירט,
וויסענד, וואס איך האָב מיט זיינע קינדער דיספוטירט?

### בנימין

מיין פאטער וואר עס טאקע א גרויס וואונדער:
עס פאָהרען דאָך נאָך געטריידע, פון אלע לענדער,
דאָך בעריהרט ער קיינעם, אויסער זיי אליין,
וואָס זייער ארענטליכקייט, קען יעדער פערשטעהן,
הויפטזעכליך וואונדערט איהם דעם הערן׳ס פערלאנגען,
דאָס זיי שאַפען מיר אהער צו ברייננען.

### יוסף

באלד! באלד! וועט איהר עס זעהן פאר׳ן שיין,
מיין כונה, וואס איך האָב דעריין,
מיינע פריהעריגע רייד, וויל איך איצט זיין מקיים.

(ער באדיינקט זיך)

איהר זאלט וויסען, אז אייער ברודער איז אין מצרים,
דער קעניג האָט איהם פאר א דינער גענומען,
און ער בעט עס מיר צו שרויפען, איהר זאלט אהער קומען.

### בנימין

אָה, גנעדיגער פירשט! פיליי־כט קען עס געשעהען,
דאָס איך זאָל מיך מיט איהם קענען זעהען,
דרום איך זאל שטילען דעם פאטערס טרויערען,
דען דער פאטער הערט ניט אויף איהם צו בעדויערען.

יוסף

ניין, אין מצרים איז שוין פון אייביג אזוי דער רעכט,
אז פאר זיין פאמיליע ווערט ניט געוויזען קיין קנעכט.
ריידען, קענט איהר מיט איהם, נאָר דורך א וואנד,
אויב איהר ווילט, שטעהט דאָ, איך פיהר איהם צו פאר'ן האנט.

(יוסף געהט אוועק פון יענער זייט וואנד, וועלכע אויף דער סצענע זעהט מעןביידען. בנימין פון איין זייט, יוסף פון דער צווייטער).

יוסף

וואָס מאכסטו, בנימין? אוי גאָט דו גרויסער!
וואס מאכט דער פאטער, דער טרייער דער הייסער?
וואָס מאכט אונזער זיידע? איז ער נאָר געזונט?
איז ער נאָך ביז יעצט, עד היום בלינד?

בנימין

(מיט געוויין).

וואס זשע מאכסטו? יוסף מיין ברודער!
דערצעהל מיר דעם גאנצען געשלידער!
ווי אזוי ביזטו קיין מצרים געקומען?
מיט וואסער אורזאך ביזטו אהער פערשוואומען?
אָה! אונזער פאטערס געשריי ברעכט דאָך מויערען!
ער הערט ניט אויף אויף דיר צו טרויערען,
אָה, גאָט!! כאָטש וואלט געווען אין וואנט א שפּאלט!
איך זאל כאָטש קענען זעהן, דיין ליכטיגע געשטאלט!
אָה! צו ריידען מיט דיר, האָב איך זיך אויך ניט געריכט,
פיללייכט איז אויך מעגליך צו זעהן דיין געזיכט?

(בנימין לויפט ארום וואנד, צו געפינען דארט א שפּאלט).

יוסף

בעט נאָר דעם פירשט, ער קען אלעם בעווייזען,
ער קען אונז ביידען פערזענליך ווייזען.

בנימין

אָה גאָט!! שיק ארויס א שטורעם פון דיין מעכטיגע האנט,
אָה! עס זאל איינברעכען די אונגליקליכע וואנד!!

(יוסף געהט צוריק ארוים, געגעהנט צו בנימין, בנימין פאלט יוסף'ן צו די פים).

### בנימין

גנעדיגער פירשט!! איך פאל פאר אייך אנידער,
ערבארעמט אייך! אויף אונז צוויי ברידער!
לאזט זיך אונז זעהן די געשטאלטען,
דען מיינע קרעפטען וועלען עס ניט דערהאלטען.

### יוסף

איך וועל עס אייך טאן.

### בנימין

אה! איך דאנק אייך מיין הער!

### יוסף

(צו עבדון).

געה, ברייננ זיין ברודער אהער!

(יוסף געהט מיט עבדון ביז הינטער'ן וואנד, קעהרען זיך אום צוריק. עבדון פיהרט יוסף'ן).

### עבדון

אט איז אייער ברודער!

### יוסף

איך בין דיין ברודער יוסף!!!

(יוסף פאלט ארויף אויף זיין האלז, קושט און וויינט זעהר פיעל.)

### יוסף

(צו עבדון).

יעצט געה צו הויז!

(צו בנימין).

וואס מאכסטו בנימין? מיין ברודער, מיין גוטער!
ברידער זענען מיר! ברידער פון איין מוטער!
זעץ זיך דא בנימין! ביי דעם בוים דעם גרויסען,
ער מעג אונזערע סודות הערען און וויסען.

(זיי זעצען זיךביידע אנידער).

נאָר איידער מיר ריידען, זאג מיר פארהער,
דו ווייסט דאָך, אז מיינע ברידער פערקויפען מיר אהער?
זאָלסטו מיר זאגען ריכטיג, די ווארהייט מיט געדולד,
צי דער פאטער האָט אויך אין מיין מכירה א שולד?

## בנימין

(ערשטוינט).

מיינע ברידער האָבען דיר פערקויפט פאר א קנעכט!?
אָה, גאָט!! דאָס איז אזוי רעכט!!?
מיין פאָטער ווייס דאָך נאָך ניט ביז אצינד,
אז זיי פערקויפען יוסף׳ן זיין קינד!

## יוסף

זאג מיר מיט וואס זענען זיי דאמאָלס צו מיין פאטער געקומען?
וואו האָבען זיי דאמאָלס א תירוץ גענומען?

## בנימין

וועה!! די העמדעל וואָס דער פאָטער גיט דיר איבער,
צום בעוויז, אז דו שטייגסט מיינע ברידער אריבער, —
בריינגען זיי איהר צופליקט, אין בלוט איינגעריכט.
זענען אריין צום פאָטער, מיט א פערוויינטען געזיכט
און זאָגען: „מיר האָבען נאָר געפונען די העמדעל אליין.
דערקען פאטער! דאָס איז יוסף׳ס, צי ניין??"
און דער פאטער שרייט: „דאָס איז מיין קינדס, געוואלד!!
חיות רעות האָבען איהם, צוריסען אין וואלד!"

## יוסף

(מיט טרערען).

אוי, מיין פאטער האָבען נעבאך געזאָגט זיין הארץ, זיינע נירען,
שלעכטע מענשען זענען נאָך ערגער פון בייזע טיערען...

## בנימין

ער שרייט: „וואו געפינט איהר עס?? אוי, ווינד!!
וואו ביזטו יוסף, יוסף מיין קינד!?"
די ברידער ענטפערען: „אז אין וואלד אָן א זייט
דערזעהען מיר א רויטע זאך, פון דער ווייט,

מיר געהען צו נאָהענט, מיר בעטראַכטען דאָס גוט.
די העמדעל ליגט צוריסען, ארום איז פול מיט בלוט.
מיר זוכען דאָרט ווייטער א גליד, צי א ביין,
אָבער מיר געפינען נאָר א שלאַד פון בלוט אליין. —
דעם פאטערס אויגען, ווי טייכען פליסען,
ער האָט אויף זיך די קליידער צוריסען.
ער האָט דעם הימעל געשפּאָלטען מיט זיין געשריי;
עס האָט הערצער צובראָכען, זיין אוי! זיין ווער!
און לאָזט זיך ניט טרייסטען, ביז דעם היינטיגען טאָג;
די הויז איז רק פול מיט יאָמער, מיט קלאָג,
שוין צוויי און צוואנציג יאָהר, אז דאָס איז געשעהען,
און זיין שרייען איז ווי עס וואלט איצטער געוועהן.
אָה! זיי האָבען דיר פערקויפט?? אָה, זייער צאָרען!!
און דו ביזט באלד א וויצע קעניג געוואָרען?

## יוסף

אוי, ניין !געגוג שטראמען זענען אויף מיר געשוואומען,
איידער איך בין צו דער דרגא געקומען.
איך בין שוין א קנעכט אויך געווען אונטערדעסען,
איך בין שוין צוועלף יאָהר אין תפיסה געזעסען;
אָבער וואו מיין שיקזאל האָט מיך פערוויהט,
האָט גאָטעס אויג מיך איבעראל בעגלייט.
איך האָב שוין אויף זיך געהאט א בייזע טיער,
וועלכע מיט ליעבע דערשלאָגט זי מיר,
דערקעגען אבער נאָך איינע וואס פיהלט מיין שמערץ,
און האָט בעפייכטעט מיין טרוקענע הארץ,
וועלכע אין איהר טרוים שרייט זי: „אוי ווינד!
וואָס שטעלט מען דעם לייב צווישען די הינד״.
צום ענדע זענען מיר געוואָר געוואָרען,
אז זי זעלבסט איז פון לייבען געבאָרען,
מיט אונז פון איין פאמיליע, פון איין מדינה,
זי איז א טאָכטער פון אונזער שוועסטער דינה.
דער קעניג זעלבסט מאכט דעם בונד,
און זי איז מיין פרוי ביז אַצונד.

(אסנת קומט אריין אין גארטען און פיהרט אפרים'ען פאר'ן האנט
זי זעצט זיך נעבען זיי).

בנימין

אָה, יוסף! ערפרעהסט מיין זעלע! ערפרישט מיין גוף!
ווי בוימעל אויף וואסער שווימט די ווארהייט ארויף!
און דאָס איז אונזער שוועסטערס קינד!?
אָה, פאָטער! אהער! האָב נחת אצינד!!

יוסף

נאָר זאג מיר בנימין, מיין טייערער ברודער,
געדיינקסט איך פרעג שוין דעם צווייטען מאל ווידער,
וואס מאכט אונזער זיידע? האָט ער אפשר זיין שיין?

בנימין

(מיט טרערען).
ער איז שוין, וואו מיר וועלען אמאָל זיין —

יוסף

(מיט געוויין).
אָה! וועה איז מיר! מיין טייערער זיידע!!
איהר זייט דאָס געגאנגען פרעהליך צו דער עקידה?
איהר הייליגע נשמה! איהר זייט עס געשטארבען!
איהר! פון בארג מוריה דער הייליגער קרבן!!
יא, הייליגער זיידע! איהר האָט שוין אייער שיין,
ליכטיג איז אייך אונטער גאטעס פליגעל צו זיין!

בנימין

דער זעלביגער זיידע פלעגט קומען אלע טאג,
טרייסטען דעם פאטער פון זיין גרויסען קלאָג.
דען גלייך ווי דער פאטער האָט בעקומען צו וויסען,
אז חיות רעות האָבען יוסף'ן צוריסען, —
האָט ער אָנגעטהאָן א זאק, צוריסען זיינע קליידער,
פלעגט זיצען און טרויערען ביי זיך אין חדר.
אָט דאָרטען, וואו ער פלעגט לערנען מיט אייך, —
די הענט פערבראכען, טרערען ווי א טייך.

דאָס געזיכט פערטרויערט, דער קאָפּ אויף א זייט,
און פלעגט שרייען און טענה׳ן רק אלע צייט:
„גאָט איז גערעכט אויף אלץ וואס ער טהוט!
מיינע זינד פארגיסען די אונשולדיגע בלוט!
אוי, איך האָב דעם שולד, נאָר איך אליין!
איך האָב איהם געהייסען אין סכנות געהן.
אבער ניט דאָס אונשולדיגע קינד!
ווי וואסער פון קוואַל ביזטו ריין פון זינד“.
און עד היום, און אזוי לאַז איך איהם אצינד,
ער געהט נאָר און שרייט: “יוסף מיין קינד“.
אנ׳אנדערס מאָל כאַפּט ער זיך אויף פון שלאָף
און שרייט: „רחל! רחל! וואו איז דיין יונגע שאָף??
צוליעב דיר האָב איך געדיענט, מיין עקרת הבית!
שטעה אויף און זעה, — דיין קינד עסען חיות!
אָה! זיבעצעהן יאָהר האָב איך נחת געהאט,
מיט חכמות, מיט מדות, מאך איך איהם זאט,
וואָס איך האָב געלערענט פון שם ועבר,
איצט האָט זיין לייב ניט געפונען קיין קבר,
זיין פלייש עסען ראבען, קראָהעס,
זיינע ביינער גריזשען חיות רעות“.
אמאָל כאַפּט ער די העמדעל מיט בלוט פערשפריצט,
זיינע אויגען פערקעהרט, די ציינער פערקריצט;
די גראָע האָר צוואוואַרפען, דער ליכטיגער פּנים בלאָס,
און ציטערט מיט שרעק, אז דאָס לייב ווערט איהם נאָס.
קושט איהר די העמדעל, שרייט רק וואָס העכער,
„אָט דאָס איז געבליבען פון רחל׳ען א זכר“...

(בנימינ׳ען פערקוועטשט דאס הארץ. ער קען ניט ריידען. אסנת שפארט זיך אז אז יוסף׳ן און וויינט יאמערליך. יוסף האלט די אויגען צום הימעל, דאס הארץ איז איהם פערשטיינט. בנימין אטעמט עט־וואס אפּ, רעדט ווייטער).

און בלייבט באַלד אין אונמאַכט, לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ,
מיר לויפען באלד צו, מיר מינטערען אָפּ.
אָט אזוי איז אוועק צוויי און צוואנציג יאָהרען,
אַז פון די פרעהליכע הויז איז א בית עולם געוואָרען.

יוסף

דאָס איינע איז מיר אבער א גרויסע פּליאה,
וואו איז זיין חכמה? וואו איז זיין נבואה?
זיין רוח הקודש, וואס אויף איהם איז געווען,
ווי האָט ער אלעם בנבואה ניט געזעהן?

בנימין

ווען ער פלעגט זיין ביי זיין פרעהליכע תנועה,
פלעגט ער ווערען בעגייסטערט מיט הייליגע נבואה, —
דען דער פרעהליכער קערפּער איז צו דער זעלע א ישועה,
אָבער צייט דער אונגליק האָט איהם געטראָפען,
אַז דער קערפּער איז טרויעריג, איז די זעלע פערשלאָפען.

יוסף

און קיינער דערצעהלט ניט דעם פאטער בשום אופן?
פון דער גאנצער מכירה? פון דעם פערקויפען?
געווארפען אין גרוב, אזוי לאנג געשרויפט,
ביז מען האָט מיר צו ישמעאלים פערקויפט.

בנימין

(מיט שרעק).
אין א גרוב געווארפען?! אזוי איז מיט דיר ברודער געגאנגען?!

יוסף

אָה! א גרוב! פיעל עגדישען, שלאַנגען!

בנימין

און ווי איז מיט דיר אין מצרים דערגאנגען?

יוסף

דאָס וועסטו וויסען, דערווייל איז מיין פערלאנגען, —
דיר צו וויסען געבען מיין געדאנק, מיין קלער,
ביז איך וועל בריינגען מיין פאטער אהער.

בנימין

אבער ווי זאגסטו ניט אָן, צום פאטער אליין.

(די זון געהט שוין אונטער. דונקעל ווערט אויפ'ן סצענע. יוסף קוקט צום הימעל).

### יוסף

די זון הויבט שוין אָן אונטערצוגעהן,
וועל איך דיר קורץ געבען צו פערשטעהן.
וואָס וועל איך צום פאטער שיקען זאגען,
אַז איך ווייס ניט דורך וועמען איך ווער געשלאָגען,
דען ווען איך האָב דערצעהלט דעם טרוים פון די זון,
איז דער פאטער געריהרט געוואָרען דערפון;
זיין כעס האָט געברענט, זיין פייער פלעגט גליהען,
דען דאס ווייזט, אַז ער וועט זיך צו מיר קניען;
ווארום ווער איז די זון, ווען ניט דער פאטער אליין,
דרום הייסט ער מיר צו די ברידער געהן,
דאָס זיי זאלען אויף מיר נקמה נעמען זאַט,
דען זיי האָבען דאָך פון לאנג אויף מיר א כעס געהאט;
אזוי האָב איך זיך איינגערעדט, אזוי האָב איך געקלערט,
טאָ וואָס וועל איך שרייבען? זיין כעס זאל זיין געמערט?
דאמיט וועל איך איהם נאָר קריינקען, ניט געבען נחת,
דען דאָס זעהט אוים ווי איך טהו איהם להכעים,
ער וויל מיך שטראפען, פאר מיינע זינד,
און איך וועל קומען מיט להכעים אצינד,
בכן, דו פאטער מיין נאָמען פערלירסט,
דיר אויף להכעים אָט בין איך א פירשט"
בכן, איז ביי מיר דער הסכם געבליבען,
ניט איהם מצער זיין, און גאָר ניט געשריבען.
אַז איך זעה אבער איצט, אז מיין געדאנק איז גאָר פוסט,
דער פאטער האָט געבאך פון קיין זאך ניט געוואוסט, —
היינט, מאָרגען גלייך שיק איך איהם זאָגען,
אז דיין זוהן לעבט, הער אויף צו שלאָגען.
נאָך וועמען דו טרויערסט מיט א האַרץ א שווערע,
קום אהער, און זעה זיין עהרע.
ווי אויף גאַנצע לאַנד האָט ער געשאַפען,
פאר איהם קניהען פירשען, גראפען,

און דער פאטער וועט געווים קומען צו מיר.
דען אונזער מוטער פון קבר זאגט דאָס מיר אפריהער.
מען פיהרט — זאגט זי — פאַראוים די קאלב אליין,
דאן וועט שוין די מוטער ממילא נאָכגעהן.

## בנימין

אונזער מוטער, עליה השלום,
זאָגט עס דיר אין חלום?

## יוסף

ניין! נאָר אויפ׳ן וואָר!
הער איך איהרע ווערטער קלאָר.
ווען מיינע ברידער פערקויפען מיך, איך וואר ארעסטירט,
האָט מען מיר פערביי איהר קבר געפיהרט,
און ווען איך בין אין אונמאכט געבליבען דאָרט ליגען,
האָב איך אָט די תשובה פון איהר געקריגען.
און אלעס וואס איך האָב געליטען אין מיין יונגע וועלט,
האָט זיך מיר איהרע ווערטער אין געדאַנקען פארגעשטעלט.
נאָר איידער איך וועל נאָך מיין פאטער שיקען,
וויל איך נאָך אביסעל מיינע ברידער דריקען.
ניט אוים שנאה, חלילה! ניט,
ניט אוים שנאָה, חלילה! ניט אוים קטטה.
כ׳וויל איצט זעהען אויב אַלע האָבען חרטה.
ראובן, ישׂשכר, זיי האָב איך זעלבסט געזעהען קלאָגען,
זיי האָבען זיך אויף די זינד אין הארצען געשלאָגען,
אין תפיסה האָב איך געהערט, די רייד, די דעות,
דען איך האָב מיר געמאכט, אז איך פערשטעהע קיין העברעאיש,
דרום וועל איך אויך טהאָן, א זאך צום לאכען,
איך וועל דיר מארגען פאר א גנב מאכען;
און איך וועל דיר נעמען פאר א קנעכט צו מיר,
און אויב זיי וועלען זיך שטעלען פאר דיר,
מיט אלע קרעפטען, מיט לייב, מיט לעבען,
דאן וועל איך מיר צו ערקענען געבען.
דען דאָס וועט מיר פאר א פראָבע דינען,

אז זיי האָבען חרטה אויף מיין מכירה אין זינען,
נאָר דו דיין ראָלע שפּיעל קלוג און גוט,
זיי מיט מיר פערעמד ביז די לעצטע מינוט.

(עס ווערט שוין נאכט. יוסף שטעהט אויף פון אונטער'ן בוים, נאָך איהם אסנת מיט אפרים, בנימין קושט אפרים'ען).

## בנימין

אָה! מיין שוועסטערס אייניקעל! מיין ברודערס קינד!
ווי טייער ווערסטו זיין ביים פאטער אצינד!

## יוסף

(צו בנימין).

דו האסט עפּעס קינדער?

## בנימין

צעהן זיהן זאלען לעבען,
אלע נאָך דיר א נאָמען געגעבען.

## יוסף

דו האסט נאָך ניט געוואוסט, וואס מיט מיר האָט פּאסירט,
ווי אזוי האָסטו זיי מיט אזעלכע נעמען טיטולירט?

## בנימין

דאמאָלס איז מיר די נעמען אזוי אין זינען אריין,
נאָר יעצט זעה איך, אז דאָס איז פון נבואה א שיין;
יעצט זעה איך, ווי אלע צעהן נעמען איז גלייך,
פּונקט ווי עס האָט פּאסירט מיט אייך;
והא ראיה, אז דער פאטער האָט די נעמען בעטראכט,
„יוסף מוז לעבען" האָט ער ביי זיך געטראכט.
דעריבער איז צו טרייסטען איהם געווען שווער,
דען ווען ער וואָלט געוואוסט, אז דו לעבסט ניט מעהר,
טאָ ווי פיעל איז דער שיער א טויטען צו בעדויערען,
ווען יענער איז טויט, וואס העלפט דאָס טרויערען,
נאָר מיר דוכט, אז דער זיידע (זיין זעלע אויבען שוועבט),
האָט געוויס געוואוסט, אז זיין אייניקעל יוסף לעבט.

מיט ווערטער פלעגט ער ווינקען, ווען דעא פאָטער קלאָגט,
נאָר איך פערשטעהע ניט, פארוואס האָט ער ניט אויסגעזאָגט.

(אויפ'ן סצענע ווערט פינסטער. אסנת ווערט באגייסטערט. הויבט אויף די אויגען צום הימעל. אלע איהרע נערוועז ווערען אויפגעריהרט).

## אסנת

אָה! הייליגער זיידע! מיין זעלע ווערט פון דיר געריהרט!
דיך האָט דאָס דיין פאטער פאר א קרבן געפיהרט!
א בינטעל האָלץ אויפ'ן פלייצע! דעם חלף אין האַנט,
איהר געהט עסביידע פרעהליך — צו מוריה לאנד;
דיין פאטער בינדט דיר דיינע הייליגע גלידער,
און לעגט דיר אויפ'ן מזבח אנידער!!
זיין יצחק! זיין טרייסט צו הונדערט יאָהר!
און דו! זעהסט שוין דיין טויט אויף קלאָר;
דו ווייסט ווי דיין מוטער לאָזט דיר קוים אָפּ,
איהר ניינציג יאָהריגען יחיד איהר איין אויג אין קאָפּ!
און דו האסט נאָך קעגען חלף דיין האלז אויסגעשטרעקט,
דיין טאטע נעמט שניידען, אָט... אָט... איז געעקט...
דאָ האָבען זיך מלאכים קוקען געשטעלט,
ווי דער טאטע מיט'ן חלף, דער זוהן די האלז אויסגעשטעלט,
די אויגען רינען טרערען, דאָס הארץ קוועלט!
אוי — ער טראגט שוין, אוי — צום האלז ניט ווייט...
ער לעגט שוין ארויף... אוי — ער שניידט!...

(אסנת פאלט איין אונמאכט).

(ענדע פערצעהנטע סצענע).

## פופצעהנטע סצענע.

אויפ'ן וועג פון מצרים קיין כנען. צוויי וויארסט פון מצרים. (בוימער פון ביידע זייטען גאָשצינעט. די עלף ברידער פון יוסף פאָהרען אז. יעדערער פיהרט זיין אייזעל פאר'ן האנט. די תבואה

אויף די אייזלעז געפּאקט. עס הערט זיך א שטימע שרייט: האלט! עברים! ווארט! שטעהט!!).

### נפתלי

מיר דוכט אז איינער צו אונז שרייט.

(אלע שטעלעז זיך אפּ הארכעז. די שטים נעהענטער שרייט: האלט! שטעהט!

### שמעון

יא, ריכטיג, עס הערט זיך א קול פון דער ווייט.

זיי שטעלען זיך אנידער. די שטים איז שוין נאהענט. שרייט: ווארט!).

### זבולן

ברידער! די שטים זעהט מיר אויס
פון דעם אדיוטאנט פון וויצע קעניגס הויז.

### אשר

ברידער! מיר זענען נאך ניט פּטור,
מיר זענען נאך ניט איין דער היים ביים פאטער.

(סלוא קומט אז. ער רוהט עטוואס אפּ).

### סלוא

פון א שעה אז איך שריי, און איהר קעהרט אייך ניט אום,
טויב זייט איהר עברים? צי שטום?

(ער דיכעט אפּ).

דער זילבערנער בעכער, וואס איהר האט געטרונקען,
איז ער ניט געוואָרען אזוי ווי איינגעזונקען.
קיין אנדערער ווי איהר, איז ניט געוועזען דאָרט;
איהר האט אבער, עברים, ניט געטראָפען דעם אָרט.
דאָס ערשטע דארפט איהר דאך פערשטעהן גאנץ גוט,
אז מען ניצט איהם שטענדיג, וועט מען שפּירען די מינוט.
צווייטענס, בענוצט מיין ווירט מיט דעם בעכער צויבעריי,
און ביי וועמען גנב'עט איהר! כ'לעבען א שטות'עריי!

(די ברידער קוקען זיך אן מיט פערוואונדערונג).

### יהודה

ליעבסטער הער! איהר ערגערט אייך אומזיסט,
קיין גנבים — טרויט אונז — זענען מיר ניט.
פון כנען יענע געלט, ברייננגען מיר צוריק.
בפרט נאָך גנב'ענען זילבער א שטיק?!
געפינט איהר ביי וועמען דעם בעכער פון הערען,
זאָל יענער צום טויט שטראָפירט ווערען,
און מיר אלע זאָלען זיין צום הערען קנעכט, —
יא? מיין הער! האָב איך רעכט?

### סלוא

אזוי דאַרף עס זיין, נאָר איך זאָג „ניין",
א קנעכט זאל נאָר זיין דער גנב אליין,
און די איבעריגע אלע בלייבען ריין,
און איהר קענט אייך לשלום צו אייער פאטער געהן.

(די ברידער נעהמען אראָפּ די זעק, סלוא פאנגט אן צו זוכען פון די עלטערע ברידער, ביז ער קומט צו בנימין, ער שטעקט אריין די האנט און נעמט ארויס דעם בעכער, די ברידער פערברעכען די הענט, און צורייסען די קליידער).

### סלוא

(מיט א שמייכעל).
נו, אָרענטליכע לייט! וואס וועט איהר יעצט זאגען?
געוויס האָט א ווינד אהער דעם בעכער פערטראגען?!
אברהם'ס אייניקלעך גנב'ענען?! פוי, מיאוס!!
נו, נו, עהרליכע לייט! מאכט קיין שיהות,
אָט דאָס איז שעהנע אורחים?! אָה גאָט!!
נו, נו, גיכער! צוריק, צוריק אין שטאָט!

(די ברידער לעגען ארויף די זעק צוריק אויף די אייזלען. יהודה צו בנימין מיט א פערדריסליכען צארען).

### יהודה

אפשר ווי דיין מאַמע מיט די בילדער, ביזט דאָך רחל'ס זוהן!

### בנימין

גאָט ווייס דעם אמת, אז איך בין ריין דערפון.

### יששכר

(צו יהודה).

וואָס בעשולדיגסטו א מענשען א ריינעם ? !
מיר האָבען ניט צו בעשולדיגען קיינעם !
מיר ווייסען אליין... דער געוויסען דארף אונז פרעסען,
גאָט מאָנט אויף פריהער — שפעטער — עס ווערט ניט פערגעסען.

(זיי קעהרען זיך אום צוריק, ביז מען זעהט זיי שוין ניט אויפ׳ן סצענע).

(ענדע פופצעהנטע סצענע).

## זעכצעהנטע סצענע.

יוסף׳ס גאסט־זאל.

(יוסף, אסנת, מנשה, אפרים, איינינע אדיוטאנטען, סלוא קומט אריין מיט דעם בעכער אין האנט. נאך איהם אלע זיהן פון יעקב שרעקליך פערשעמט. זיי בלייבען שטעהן ביי דער טיר).

### סלוא

ראמט אויף די שטוב ! אלץ וואס איז פאראנען,
פיליירכט וועט זיי נאָך עפעס געפעלען פון דאנען.

### יוסף

נו, עברים ! אָט דאָס וואס באדייט ?
אברהם׳ס אייניקלעך ? ! אָרענטליכע לייט ? !
מיר רופט מען דאָך „צפנת פענח" דערביי,
דאָס אלע פערבאָרגענהייט איז מיר אָפען, פריי,
און דעם בעכער פערשטעה איך צוויבעריי.

יהודה

מיר קענען ניט ריידען, גוט אָדער שלעכט,
גאָט מאָנט דאָ אויף פון אונז זיין רעכט,
מיר אלע, אלע, אלע, פערבלייבען היער קנעכט.

יוסף

חלילה! ביי דעם וואס מען האָט דעם בעכער געפונען,
יענער פערבלייבט, היער אויף צו דינען,
וואָס האָב איך צו אלעמען? איהר קענט אייך געהן,
די שטראף דארף ליידען, נאָר דער גנב אליין!

יוסף

(צו סלוא ווייזענדיג אויף בנימין).

פיהר איהם אריין צו מיר אין הויז.

(צו די ברידער).

איהר קענט אייך געהן, איהר זייט לויז.

(סלוא נעמט בנימינ'ען. פיהרט איהם אריין אין א זייטיגען צימער. די ברידער ברעכען די הענט, וויינען שטילערהייד, יהודה טרעט אפ פון די ברידער, נענעהענט צו יוסף'ס שטוהל).

יהודה

דורכלויכטיגסטער פירשט! ערלויבט מיר צו ריידען,
איהר זייט גלייך ווי דער קעניג, איך שעץ אייך ביידען.
דעם ערשטען מאל, ווען מיר זענען געקומען,
האָט מען אונז אונשולדיג צו אייך פערנומען,
פון די שטריינגע דאפראָסען, וואס איהר האָט אונז געפרעגט,
האָבען מיר אלע הינזיכטען פון הויז אייך ענטדעקט,
ביז איהר הייסט דעם אינגסטען בריינגען אהער,
מיר האָבען איהם פון פאטער בעקומען גאנץ שווער,
דען זייט יענעם קינד איז איהם פערפאלען געוואָרען,
איז איהם דער געבליבען, דער טרייסט צו די אלטע יאָהרען.
דען זיין מוטער האָט נאָר דיעזע צוויי געבארען;
דאן אז דריקט דער הונגער, שוין ניטאָ קיין קאָרען,
האָט דער פאטער אויף מיינע הענט איהם מיר געטרויט;
אָבער זיין שיידען זיך וואר שווער ווי דער טויט.

אַז איך האָב איהם שוין גענומען, קיין מצרים געבראַכט,
ווערט נייע בלבולים אויף איהם אויסגעטראַכט;
און דער הער פערלאַנגט איהם צו פערהאַלטען!...
קומען מיר אָהן איהם צו אונזער טאַטען דעם אַלטען,
וועלען מיר זעלבסט אויפ'ן פאַטער די מערדער זיין,
און ער קומט מיט טרערען, חלילה אין גרוב אריין.
פערלאַנג איך יעצט פון הערן, די איינע רעכט:
דאָס איך זאָל פערבלייבען, אנשטאָט איהם א קנעכט.
איך האָב מעהר קרעפטען, איך בין א העלד,
איך וועל זיי נוצען אין הויז און אין פעלד.

(יוסף שטעהט אויף פון זיין שטוהל צום אוועקגעהן).

## יוסף

(אלס ער שטעהט אויף פון שטוהל).

גענוג שוין פלוידערען, איך האָב קיין צייט,
לאָזט מיך געהן האַנדלען מיט עהרליכע לייט.

(יהודה קוקט מיט צארן. פון זיינע אויגען שיסען איהם בלוט ארוים).

## יהודה

לאָמיר זיך זעגענען אין פרידען, וואָלט איך ליבערשט זאָגען

(ווייזענדיג אויף שמעון מיט לוי).

אַז די צוויי מענשען האָבען די שטאָט שכם דערשלאָגען.

## יוסף

(מיט א געלעכטער צו זיינע אדיוטאנטען).

כא־כא־כא!... איינער האָט זיך אמאָל בעריהמט,
אַז ער וועט צורייסען א לייב בשעת ער ברומט.
א סימן: אין וואַלד האָבען זיך מוראשקעס געשאָטען,
האָט ער זיי אַלעמען מיט איין פוס צוטראָטען.

(צו די ברידער).

שוטים! אין שכם זענען זיי אלע צו בעט געלעגען,
שוואכע, קראַנקע, אָהן שפּיזען, אָהן דעגען,
און בסך הכל דריי הונדערט מאַן.
אין מצרים איז צוועלף מיליאָן מענשען פאַראַן!!!
טויזענדער גבורים!! פאַלקען מיליטער!!

מעכטיגע קרעפּעסטען! פול מיט געוועהר!!
אָה! ניין פריינד! איהר אירט אייך!!
מצרים איז נאָך צו שכם ניט גלייך!!
אבער פארוואס דיינע ברידער, מאכט עס ניט אוים?
נאָר דו, שטעלסט זיך מיט דיין גרוים מויל ארוים?

### יהודה

דען דער פאטער טרויט מיר איהם אויף מיינע הענט,
אנדערש איהם נעמען האָב איך ניט געקענט.
דרום בין איך פאר איהם, אן ערב געוואָרען,
זאָנסט לאָזט איהם דער פאָטער ניט פאָהרען.
אָבער דער הער וועט געווים מאכען א בייט,
דען איך וועל איהם נוצען אלע צייט.
אין אן אום־שלום שטעלט מיך צום שטרייט,
וועל איך קאסען ווי היי, ווי זאנגען מען שנייט, —

### יוסף

(צו זיינע אדיוטאנטען).
איך וואלט עס טהאָן, נאָר ער שרעקט מיך איין,
איך פירכטע, עס וועט ביי מיר צו הויז מלחמות זיין.
(יוסף בעדיינקט זיך א קליין ווייל).

### יוסף

איך וועל דעם פאטער בעפרידיגען מיט אן אנדער זאך.

### יהודה

דורכלויכטיגסטער פירשט! לאזט שוין געמאך!
גענוג שוין אונז צו קריינקען, גענוג שוין צו שטרייטען;
דער פאטער וועט זיין קינד אויף געלט ניט בייטען.

### יוסף

איך דיינק ניט צו בעצאָהלען איהם מיט געלט,
נאָר מיט וואָס — דוכט מיר — ער וואָלט אליין געוועלט.

### יהודה

וואס איז פאר א זאך?

**יוסף**

(צו זיינע קנעכט).

היימסט אלעמען אפטרעטען, אליין געהט אויך ארויס,
אויסער די עברים זאלען בלייבען אין הויז!

(אלע געהען ארויס, מיט זיי אסנת אויך, אויסער עבדון און מנשה).

**יוסף**

איך קען אייך וויזען אייער יהודה פערלארענעם ברודער.

**יהודה**

גענוג שוין צו קעהרען אונזער הארץ ווי א רודער,
מיר זענען קינדער פון שם! — ניט פון חם! —
פירכטעט אייך פאר דעם גאט פון אברהם!!!

**יוסף**

איך בין ערפאהרען מיט די הילפע פון גאט,
אז אייער ברודער איז דא אין שטאט,
און אזוי ווי איהר שטעהט דא גלייך,
וועט איהר זעהען אייער ברודער פאר אייך!

(די ברידער קוקען זיך אלע אן מיט גרויס פערוואונדערונג).

**יוסף**

(צו עבדון).

דעם גאלדענעם טאץ, דערלאנג אהער!

(עבדון לויפט ארויס, טראגט אריין דעם טאץ אין א שייד. יוסף נעמט דעם שייד אראפ, טראגט צו דעם טאץ צום מויל, זאגט וואס אייניגע ווערטער שטילערהייד. טהוט אן דעם שייד צוריק)

**יוסף**

(צום קנעכט).

היינג אויף דעם טאץ אויפ'ן טיר,
מיט דעם לויטערען זייט אנטקעגען מיר.

(עבדון היינגט אויף דעם טאץ).

**יוסף**

(צו די ברידער).

נעהענטער צו מיר קומט ברידער!
פון ביידע זייטען שטעלט אייך אנידער.

**יוסף**

(צו עברון).

גלייך ווי איך רייד,
נעהם אראָפּ די שייג;

(עברון כאפּט דעם שייד אראָפּ, און געהט באלד ארויס).

**יוסף**

(צו די ברידער).

קוקט זיך איין אין טאַנץ, אין שיין, אין דאָס ליכט,
זעהט איהר דאָרטען אייער ברודערס געזיכט?

(די ברידער קוקען אין טאַץ).

(די ברידער).

ניין!

**יוסף**

קוקט זיך אקאָרסט איין, אין טאַץ גוט,
זעהט איהר איינעם אין א גאָלדענע הוט?
אויף'ן האלז א קייט, ביים זייט א דעגען,
אין א ווייסען טורבאן, מיט רויטע ברעגען.
אין א לאנגע בלאָע זיידענע קלייד,
זיין קינזשאַל מיט א גאָלדענעם שייד?
איהר זעהט איהם ניט? אָך! אזוי מהודר,
איז דאָס ניט אייער ברודער??

(די ברידער בלייבען שטעהן שרעקליך ערשטוינט. יוסף ווינקט צו מנשה'ן ער זאל ארויסגעהן).

**יוסף**

(אין דער הויך מיט א געוויין)

איך בין אייער ברודער יוסף! איך!!
וואָס קיין מצרים פערקויפט איהר מיך!
וואס מאכט מיין פאטער? איז ער נאָך ביי זיין קראפט?
האָבען איהם זיינע צרות די כוחות ניט פערשלאפט?

(די ברידער בלייבען צודולדעט, קענען קיין ווארט ניט ענטפערען).

### יוסף

וואס זייט איהר דערשראקען? קומט ווייטער צו מיר!
וואו איז מיין בנימין? לאזט איהם ארוים פון טיר!

(בנימין לויפט ארוים פון טיר. ער פאלט ארויף יוסף'ן אויפ'ן האלז. קושען זיך און וויינען זעהר פיעל. די ברידער זיינען אהן א שפראך געבליבען).

### יוסף

(צו די ברידער).

זייט ניט אונרוהיג, זאל אייך ניט פערדריסען!
אזוי איז גאָטעס פיהרונג, מוזט איהר וויסען.
ער שיקט מיך אהער אייך צו שפייזען;
דיינקט ניט, אז איהר האָט איהם געטהאָן פערגרייזען;
אזוי איז גאָטעס רצון, אזוי איז זיין זינען,
כדי ער זאל אייך פון הונגער אנטרינען.
ער שיקט מיך אהער, אין קרוין צו זיין געציערט,
ביים קעניג ווי א פאָטער, אין זיין הויז דער ווירט.
גאַנץ מצרים ווערט מיט מיין צעפּטער געפיהרט.

(אסנת קומט אריין מיטביידע קינדער).

אָט די אסנת מיין פרוי, וועלכע איהר זעהט אצינד.
זי איז אונזער שוועסטער דינה'ס א קינד,
מיט איהר האָב איך דיעזע צוויי קינדערלעך דערלעבט,
וואָס איך בין צו זיי ווי צום פאָטער צוגעקלעפּט.

(בנימין נעמט ארום מנשה און אפרים, קושט זיי זעהר פיעל. יוסף פאלט ארויף אויפ'ן האלז פון איטליכען ברודער באזונדער. קושט זיי און וויינט זעהר פיעל.)

### ראובן

(אלס ער קומט עטוואס צו זיך).

אָה גאָט!!!

### יששכר

יוסף לעבט!!!

### יהודה

פאָטער!!!

אשר

אָה! מיין הארץ גלויבט מיינע אויגען ניט!!!

נפתלי

אָה! דעם פאטער ווער זאגט אָן??

ג ד

אָה! וואָס זעה איך??

(שמעון, לוי, זבולון, דן).

אָה! גאָט דו גרויסער!!!

(דער פארהאנג פאלט).

(ענדע זעכצעהנטע סצענע).

# זיבעטער אַקט.

## זיבעצעהנטע סצענע.

א וואלד ביי חברון.

(פארטראג בענינעז. יעקב אליין געקניהט אויף דער ערד.)

גאָט דער קעניג איבער אלע קעניגרייך,
אויף דער ערד, אין הימעל, ווער איז צו דיר גלייך,
ביזט פריהער געווען, איי עס וואר נאָך גאָר טעג;
ועסט זיין שפּעטער אָהן א שיעור, אָהן א ברעג;
דו ביזט פון אלעמען פערבארגען, פערדעקט;
אין יעטווידער זאך ביזטו דאָך אנטפּלעקט.
דער דומער מענש וועט דיר אייביג ניט געפינען;
דיר זעהען קיין הערצער, נאָר דער זינען.
מיר זעהען דיך ניט אפילו אין דער ליכטיג,
און אין דער פינסטער זעהסטו גאנץ ריכטיג.
די סיבה, די אורזאך, ביזטו פון אלע זאכען, —
אלץ וואס דיין ווילען איז, דאָס קענסטו מאכען,
און ווייל ביי אונז טויזענדער יאָהרען,
איז ביי דיר ווי א רגע פערביי‌געפאָהרען;
זעהען מיר גאנץ קורץ, און דרום
וואָס ביי דיר איז גלייך, איז ביי אונז קרום.
דאָס וואס ביי אונז זעהט אוים שלעכט,
ווייסטו אז דאָס איז גלייך און רעכט,
דען דו קוקסט גאנץ ווייט, ביז צום סוף,
אז דאָס איז א טובה, ניט א שטראף.
נאָר דו גאט, קענסט עס דעם סוד ווישען,
וואָס חיות האָבען מיין קינד צוריסען.
דער מענש קוקט קורץ, און דו קוקסט ווייט,
ענטדעק מיר גאט, וואס דאָס בעדייט —

שוין צוויי און צווייאנציג יאָהר, אז דאָס טהוט דויערען,
ענטדעקט דיין סוד, איך זאל ניט טרויערען,
איך ווייס דיין פיהרונג איז גוט און קלוג,
צו מיינע צרות זאָג שוין גענוג! — „גענוג!!“1)

(יעקב בלייבט שטעהן ערשטוינט, ער קוקט זיך ארום).

— „גענוג!“ — מיינע צרות איז שוין גאָר?
אָבער ווער ענטפערט דאָס מיר? ווייס איך ניט קלאָר.
גאָט! דו ענטפערסט דאָס? קענסט! ביזט א תקיף.
ערבארעם דיך אויף דיין קנעכט יעקב!! — יעקב!!
ווער רופט עס מיר? איך מוז לויערען.

(ער קוקט זיך ארום).

ווען פרעהט עס מיין טרויערען!? — „טרויערען!!“
טרויערען זאָל איך אויף מיין פיין?
איך גיב מיר גאָט איבער אין דיין האַנט אריין,
דען אלעס וואָס איך האָב, איז דיין! — „דיין!!“
מיין? ניין, צו דיר געהער איך, עוויג, און אצינד,
אַלעס, אלעס, יעדער שאָף, יעדע רינד,
יעדער מינוט לעבען, יעדער קינד! — — — „קינד!!“
אָה!! ווער דערמאָנט מיר מיין שמארץ?
ווער פערגרעסערט די וואונדען פון מיין הארץ?
צי דערמאָנען מיר, מיין קינד יוסף? — „יוסף!!“
יוסף!! דיין געזיכט מיר שטענדיג שוועבט.
דיר צו רייסען חיות, אוי! און דיין טאַטע לעבט!? — „לעבט!!“
ער לעבט? ניין, דאָס הייסט קיין לעבען,
איך בין שוין לאנג צום טויט געגעבען.
איך געה איבער גוואלד, איך לעב איבער דאנק,
געבויגען אין צעהנען, שוואך און קראנק.
אָה! יוסף וואר מיין לעבענס קוועלע,
נו, לעבט א קערפער אָהן א זעלע?

(ער בלייבט אהן קרעפטען).

אָה! איך האָב קיין קרעפטען צו געהן אהיים,
איך וועל מיך דאָ זעצען אונטער דעם בוים.

(ער זעצט זיך אנידער, בעדיינקט זיך עטוואס).

וואָס איז דאָרט מיט מיינע קינדער געוואָרען?

אין שטוב איז שוין באלד ניטאָ קיין קאָרען,
זיי האָבען שוין געדארפט קומען צו פאָהרען?
(ער בלייבט שטיל).
אָבער ווער ענטפערט דאָס מיר, ווער?
א פרעמדער מענש? ווי קומט ער אהער?
לאכט ווער פון מיר, ווען מיין הארץ איז שווער?
קען ווער זיך פרעהען אויף מיין טרער?
פילייכט דו גאט? גאָט מיין הער!
פילייכט האָסטו דיין הילפע געשיקט
צו ערפרעהען דיין קנעכט, ווען ער איז געדריקט.
און מיט דיינע ווערטער האָסטו איהם בעגליקט?
דו ענטפערסט מיר גאָט! מיט דיין שטים פון ווייטען?
דארף מען דאָך קלערען, וואָס דאָס טוט בעדייטען...
אויב ניט זיבען ווערטער האָב איך יעצט געהערט,
ווען איך בין געשטאַנען ביים בוים פערקלערט,
„גענוג, יעקב, טרויערען" אָך, ווי קלוג!
גאָט!! דו זאגסט מיר, אז טרויערען איז גענוג?
אָבער די לעצטע ווערטער „דיין — קינד — יוסף — לעבט",
עפּעס דאָס האָט מיר צום הארצען ניט געקלעפּט,
שוין צוויי און צוואנציג יאָהר, אז ער האָט ווי א פויגעל פערשוועבט,
בייזע חיות פון וואלד האָבען זיין פלייש צושלעפּט —
יעצט זאגסטו מיר אָן, אז יוסף לעבט.

(עס הערט זיך א געזאנג פון א דאמען־שטים מיט דעם שפּילען פון
אגיטארע, הינטער'ן וואלד).

אוי! ניין, ניין, פון צער, פון אנגסט, בין איך פערדולט,
אבער — וואָס הער איך עס — מען זינגט, מען שפּיעלט —
אָה! וואָס פאר א זיסע שטים וואָס פאר א שעהנע געזאַנג,
שעהנער, שעהנער, פון דעם פויגעל קלאַנג—.

(יעקב בלייבט שטיל, ער הערט דאס ליעד הינטער'ן וואלד, ווי עס
זינגט און שפּילט מיט דיעזע ווערטער).

1.

דעם קוואל פון הילף עפענט גאָט,
טרוקענע הערצער! פון דאָרטען שעפּט!

ווי גרויס, ווי טיעף, איז גאָטעס ראָהט,
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

2.

פון מצרים שפּראצט די הילף ארויס,
גאָטעס האנט האָט איהם פארשלעפּט,
אָה, גאָט ! ! די פרייד ווי גרויס !
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

3.

קומט אהער, הייליגע גייסטער !
צו מיין איידען, גיכער שוועבט,
גאָט דו גרויסער ! ביזט א מייסטער,
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

4.

קוקט נאָר מענשען, זעהט און שפּירט,
ווי קינסטליך דער שפּין זיין שטיבעל וועבט.
נאָך קינסטליכער האָט דאָ גאט געפיהרט,
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

5.

זינגט איהר פויגעלעך ! נאַכטיגאַלען !
צו פרייד זייט איהר ערשט א רעצעפּט.
דעם איידענס טרוים איז ניט פערפאַלען, —
מיין פעטער יוסף לעבט ! !

## יעקב

(מיט פערוואונדערונג).

אַך, די שטים, ווי זיס, ווי שעהן
שרה ? דו ביזט דאָס מיין קינד אליין ?
פון דיין שטים, דערקען איך דיר,
אהער מיין קינד נעהענטער צו מיר.

(עס קומט אריין שרה מיט א גיטארע אין האנט).

### יעקב

זינגסט גאנץ שעהן, מיין ליעבעס קינד!
נאָר מיינע וואונדען רייסטו אצינד,
דערמאָנסט מיר יוסף'ן, אוי מיר, און ווינד!

### שרח

חלילה, איך זאל דיין הארץ בעשווערען,
איך זאל זיין גערען דיינע טרערען, —
מיין ליעד איז נאָר אויף פרייד געגרינדעט,
דיין הארץ צו היילען וואס איז פערוואונדעט.

### יעקב

מיין הארץ צו היילען, זינגסטו דיין ליעד?
אח, דאָס רייסט מיר אויף גליד פאר גליד.
די וואונד איז געוועזן שוין צוגעקלעפּט, —
זינגסטו א ליעד, — אז יוסף לעבט —
פאר דיר איז א ליעד, פאר מיר — א שפיז,
גאָט וויים, וואו מיין יוסף איז.
דער וואלד האָט שוין אָן די חיה פערגעסען,
וועלכע האָט מיין קינד אויפגעגעסען.

(מען זעהט פון וויטען דורך די ביימער קומט אן די דינה).

### שרח

די זיבען ווערטער, וואס האָט דיר אין וואלד געקלונגען,
אויך די ליעד, וועלכע איך האָב געזונגען, —
די ביידע איז ריכטיג, קענסטו וויסען,
קיין חיות האָבען איהם ניט צוריסען.

### דינה

(פערשלאָגענדיג שרח־ס רייד).

הייליגער פאטער! איך זאג דיר אָן,
מיינע בְרידער קומען אָן,
זיי געהען צו דיר אהער אין וואלד,
אַ גליקליכע בשורה ברייגגען זיי דיר באלד.

(יעקב שטעהט אויף מיט האסט, לויפט צו די קינדער, די קינדער לויפען איהם אנטקעגען, יעקב קושט זיי.

יעקב

וואס זשע מאכט איהר מיינע ליעבע קינדער?
זייט איהר געזונט, איטליכער בעזונדער?

(ער דערזעהט שמעונ'ען. ער פאלט איהם ארויף אויפ'ן האלז).

יעקב

וואס מאכסטו? מיין אונשולדיגער ארעסטאנט,
די תפיסה פון מצרים איז דיר שוין אויך בעקאנט?!

שמעון

(ווייזענדיג אויף די ברידער).
ווען זיי וואלטען זיך פערזאמט, נאך א פאר וואכען,
וואלט איך אייביג פון תפיסה ניט ארויס געקראכען.

יעקב

ווארום מיין קינד?

שמעון

דען איך וואלט געווארען אזוי פעט און דיק,
אז איך וואלט ניט קענען ארויס צוריק.

יעקב

מיך וואונדערט אויפ'ן וויצע קעניג זעהר,
אנפאנגס מאכט ער אייך אנגסט און טרויער,
דערנאך ווערט ער פלוצלונג אזוי גוט,
איך דיינק, ער איז א שווינדלער, א פלוט?

(מען זעהט קאראטען קומען אן).

יששכר

אין אברהם'ס אייניקלעך איז ניטא קיין פלוטען —
וואלסט דאס זעהען אביסעל זיין כאראקטער דעם גוטען.

יעקב

וואס הייסט? איז ער דען פון אונזער משפחה?
נו, זאל איהם גאט בענשען, פון מיין זיידענס ברכה.

(דער קוטשער פון יוסף'ן גענעהענט צו יעקב).
(דער קוטשער).
ליעבסטער אלטער! דער וויצע קעניג שיקט מיר צו אייך,
בעטען איהר זאלט קומען קיין מצרים גלייך.

יעקב
בעדאנקט אייער הערן, איך וועל נישט פאהרען,
צו שווער פאר מיר, פאר מיינע אלטע יאָהרען.
(דער קוטשער).
דרום שיקט אייך דער וויצע קעניג קאראטען,
איהר זאלט קענען פאָהרען עס זאל אייך ניט שאטען.

יעקב
מיינע קינדער קומען איצט, איך וויל וואס מיט זיי ריידען,
ווילט איהר מיר שוין פון מיינע קינדער שיידען,
נעכטיגט פריינד! מאָרגען פאָהרט אייך צוריק,
בעדאנקט אייער הערן, ווינשט איהם גליק.
(דער קוטשער).
פאר די גאנצע געזינד שיקט מיין ווירט קאראטען
אלעמען צו בריינגען, האָט ער מיר געבאָטען,

יעקב
וואס האָבען מיר ביי איהם אזוי פיעל פערדיענט,
אז ער הייסט צו זיך בריינגען מיין גאנצען געזינט?

יששכר
ער מיינט נאָר אונזער טובה, ווי עס שיינט,
דען ער איז מיט אונז א נאָהענטער פריינד.

יעקב
(מיט פערוואונדערונג).
א פריינד איז ער אונזערער? ווי אזוי?

יששכר
ווייל דיין דינה'ס טאָכטער איז זיינע א פרוי —

### יעקב

(ערשטוינט).

די קליינע אסנת? די דריי יאָהריגעם קינד?
איז א וויצע קעניגין, צו מצרים אצינד?

### דינה

און דער וויצע קעניג זעלבסט, דער אדעל געבאָרענער
איז מיין ברודער יוסף, דיין זוהן, דער פערלאָרענער.

### יעקב

(מיט געוויין).

וואָס לאכט איהר קינדער פון מיר!
מיין הארץ שפרינגט מיר ארוים שיער.

### נפתלי

חלילה פאטער! מיר זאלען דיר קריינקען,
מיר ווילען דיר ריכטיג מיט א בשורה בעשיינקען.

(אלע).

יוסף לעבט! זאָלען מיר לעבען אזוי!
און דינה׳ס טאָכטער איז זיין פרוי,
אויף גאנץ מצרים האָט ער צו באטען
און ער שיקט עס דיר די קאראטען.

(זיי ווייזען אויף דעם קוטשער אחישחר).

אָט ביי דעם הערן קענסטו פרעגען,
ווער עס שיקט די פערד און וועגען.

### יעקב

(צום קוטשער).

אָה, ליעבסטער הער!! ווער האָט אייך אהער געשיקט??
און ווי האָט ער די ווערטער אויסגעדריקט???

### אחישחר

(דער קוטשער).

דער הער וויצע קעניג מיט זיין פרוי,
פערזאגען מיר מיט די ווערטער אזוי:

פאהר קיין כנען מיט מיינע ברידער,
ברייננ מיין פאטער צוריק מיט זיי ווידער.

יעקב

(מיט א געשריי).

אה גאט!!!

(ער פאלט צו דער ערד. אלע לויפען צו בערוהיגען איהם).

שרח

וועה איז מיר!! מיין זיידע איז אין אונמאכט געבליבען!!
זיין פרייד האט איהם זיין לעבען פערטריבען!!

דינה

(פאלענדיג אויפ'ן פאטער).

בערוהיג דיך פאטער! אוי וועה איז מיר!!
ער איז געבליבען!! ער גיט זיך ניט א ריהר!

(די קינדער אלע לויפען צו, הויבען איהם אויף. באגיסען איהם מיט טרעטען. יעקב קומט עטוואס צו זיך, די קינדער זעצען איהם אנידער נעבען א בוים).

יעקב

(מיט א פריידענס-געשריי).

אה גאט!! מיין קינד יוסף לעבט!!!

(ער שפארט זיך אפ אן בוים פון שוואכקייט).

(אלע).

ער לעבט! ער לעבט! און איז גרויס אין שטאנד,
ער איז דער צווייטער פון פרעה'ס האנט,
א וויצע קעניג אויף מצרים לאנד.

יעקב

אה! גענוג פאר מיך!! מיין יוסף לעבט!!

(אלע).

און יוסף בעט דיר צו איהם צו רייזען,
זיין גליק, זיין גרויסקייט, דיר צו ווייזען,
ער וועט דיך צו דיין עלטער שפייזען.

יעקב

מיינע טרוימען זעה איך דעם אויגענבליק!!
פון צוויי און צוואנציג יאָהר צוריק!!
אָה! ווי ריכטיג זיי פלעגען ווייזען!
יוסף וועט מיך צו דער עלטער שפּייזען!

(יעקב קניהט זיך אויף דער ערד, פערשפּרייט די הענט צום הימעל).

יעקב

גאָט פון אברהם! וואס דו זיצט אויבען,
איך האָב קיין ווערטער דיך צו לויבען.
קעגען דיין פיהרונג ווער קען זיך קליגען,
מיר זענען קינדער פון די וויעגען;
מיר זענען דום, מיר זענען בלינד,
ווי א פּריש געבאָרענער קינד.
יוסף ווערט פון מיר פערלאָרען,
קלאָג איך צוויי און צוואנציג יאָהרען,
און דו פיהרסט איהם קיין מצרים,
מיין זיידענס הבטחה צו זיין מקיים —
יעצט פערשטעה איך וואס דאָס בעדייט,
וואָס איך הער דאָ פריהער א שטימע שרייט,
און וואס איך רייד דאָ אויף אָן אָרט,
ענטפערט דער וואלד אויף יעדער וואָרט.
„גענוג, יעקב, טרויערען,
דיין קינד, יוסף, לעבט“.
גאָט! דיין שטימע ברעכט איין מויערען,
די נבואה וויטער אויף מיר שוועבט,
די הייליגע געפיהלען ווען דו מיר ווייזט,
ווער איך בעגייסטערט פון דיין גייסט,
צייט עס טרעפט מיר די גרויסע שרעק,
איז דיין נבואה פון מיר אוועק,
ווי דו האָסט מיר איצט ערפרעהט,
מיט נבואה האָסטו מיר בעקליידט;
גאָט פון אברהם! וואס דו זיצסט אויבען,
איך האָב קיין ווערטער דיך צו לויבען,

דיך לויבט מיין הארץ און מיין געפיהל,
פאר דיר א לויב — איז שווייגען שטיל...

(יעקב שטעלט זיך אויף די פיס).

1.

## יעקב

זינג מיין זעלע! זינג צו גאָט!
וואָס זיינע וואונדער בעוויזען האָט;
ער גיט דיר פרייד פאר דיין לייד,
ער טהוט דיר אָן א נבואה קלייד.

(די קינדער).

האָפט צו גאָט, אייביג ברידער,
האָפענונג איז א גוטער רעצעפּט.
גאָט ערפרעהט דעם טאַטען ווידער,
ער זאגט איהם אָן, אז יוסף לעבט.

2.

## יעקב

זינגט צו גאָט, איהר הויכע שטערען
אויף די זון מיט די לבנה.
איהר זעהט פריהער מיינע טרערען,
פרעהט אייך איצט מיט מיין מתנה!

(די קינדער).

האָפט צו גאָט, אייביג ברידער,
האָפענונג איז א גוטער רעצעפּט.
גאָט דערפרעהט דעם טאַטען ווידער,
ער זאגט איהם, אז יוסף לעבט.

## יעקב

רחל! רחל! מיין געליעבטע,
קום אהער! וואו דיין זעלע שוועבט;

ערפרעה דיין הארץ, די בעטריבטע,
דיין בן פורת האָט אָפּגעלעבט.

(אַלע).

זינג מיין זעלע, זינג צו גאט,
וואָס זיינע וואונדער בעוויזען האָט. —

(דער פארהאנג פאלט).

ע נ ד ע.

# שעהנקייט און נוצען

שים פניך אל הרי ישראל בן אדם,
והנבא אליהם (יחזקל ו׳ ב׳).

דאמאלס ווען די גאנצע מענשהייט
וואר נאָך קינדעריש, נאַריש, דום;
און מלאכים, שדים, גייסטער
טאַנצען אין דער לופט ארום.

דיזע גרויסע קינדער זוכען
אליץ וואָס איבער די נאַטור.
און די וועלט פערפלייצט מיט געטער:
מענקור, ווענוס און אמור.

פון יופיטער — גרויסע וואונדער
ווערט דערצעהלט, זאָ דייטליך־העל,
יענער פעכט זיך פאר א געטין
מיט א גאָט אין א דועל!

און זאָגאר די פילאָזאָפען
גרויסע קעפּ פון יענער צייט;
דיספּוטירען פון דער זעעלע
אויב זי בלייבט „איין עווינקייט“.

נאָך אזעלכע טויזענד זאכען
וואו פערשטאַנד מוז בלייבען שטעהן:
ווען דער מענש זאָל אייביג לעבען
וועט ער דיעזעס ניט דערגעהן.

און אין יענע קינדער־יאָהרען,
ווען דער שכל דומהייט קלערט:
„אלע שטערען זיינען בעשאַפען
צו בעדיענען א ו נ ז ע ר ערד".

„רעדער דרעהען די מזלות,
הויך אין הימעל, ווי א מיהל;
און זיי האָבען אויך נשמות
לעבען, ווילען און געפיהל."

אָנגערופען פונקט די נעמען
פון מלאכים אלערליי;
אויסגעמאָסטען דעם גיהנום
און געהערט דעם „מת" געשריי.

האָבען אויגען נאָר פעריסען
דאָרט צום הימעל, און געקלערט:
ווילען קיינמאָל טראכטען, וויסען
וואָס איז אונטען — דאָ אויף דר'ערד.

דיזעס קלערען ברייננגט קיין נוצען
אין דער פראקטיק און געברויך:
אויגען־בלענדיג, אבערגלויבען
בלייבט זיי נאָר פון דיזען רויך.

אָט אין יענע קינדער־יאָהרען
ווען די מענשהייט בלאָנדזשעט נאָר ;
האָבען זיי אלס די פּ אָ ע ט ע ן
אויך געחלומ׳ט אויפ׳ן וואָהר.

זיינען דאמאלס נאר געפלויגען
וואו די פאנטאַזי זיי רופט ;
הויך צום „תרשיש“ און צום „חשמל“
און צום „קשת“ אין דער לופט...

שלעפּען נאר דעם לעזער׳ס אויגען
צו די וואלקענס דאָרט אין רוים ;
און עס בלייבט איהם נאָכ׳ן לעזען
נאָר א קורצער זיסער טרוים...

ווי ער עפענט נאר די אויגען,
און עס חלומ׳ט איהם ניט מעהר,
ווערט עס ווי א בלאָז פערשוואונדען
און זיין האַרץ בלייבט פּוסט און לעער.

מעהרער אלטע פּאָעזיען
זיינען „בלומען“ אָהן פּראָפּיט.
נאָר אויף שמעקען, נאָר אויף ריהרען,
מעהר קיין נוצען ברייננגט עס ניט.

און דאָך האָט מען זיך פערגונען
לויבען דיזע פאנטאַזיע :
וואָס דאָס ליעד האָט מעהרער ליגען
הייסט עס וואהרע פּאָעזיע...

* *
*

אָבער דיזע קינדער־יאָהרען
האָט ביי מענשען לאַנג געפעהלט;
דער פערשטאַנד האָט זיי געלערנט
לערנען פּראקטישער די וועלט.

מענשען האָבען זיך גענומען
מעהר בעטראַכטען אונזער ערד;
וואָס אין איהר איז, און וואָס אויף איהר איז —
זיך בענוצען מיט איהר ווערטה.

עלעמענטען אויסגעפונען,
זיך בעדיענט מיט זייער מאַכט;
עלעקטריע אויך וואסער, פייער, —
פאר דעם מענשענ'ס שקלאַף געמאַכט.

מעדיצין — און ליכט און שאָטען
אינדוסטריע גאנץ טיעף שטודירט;
אויך באטאניק, אַנאַטאָמיע
און מאַשינען פאבריצירט.

דאמאלס נעהמט אויך די פּאָעזיע
בילדער מאָהלען, ליכטיג העל;
און אנשטאט דעם אלטען ליגען
קומט דער אמת אויף איהר שטעל.

זינגען ליעדער נאָר פון לעבען
פאָטאָגראפיש, דייטליך, קלאָהר;

ריין געשילדערט, אלעס פּינקטליך
ניט פערגרעסערט אויף א האָר.

מאָהלט די ארמוט און דאָס עלענד
מאָהלט די „גוואלדטהאַט" מיט איהר מאַכט;
מאָהלט דעם שוואַכען דעם גערריקטען
מאָהלט א מענשען־האַרץ מיט פּראכט.

יושר, אמת, עולה, שקר, —
טוהען זיי אָן אין א גוף
און די אלע ווי פּערזאָנען
טרעטען אויף דער ביהנע אויף.

ווי דער דיכטער, נעהמט די פעדער,
איידער ער פאנגט דאָס ליעד נאָך אָן;
מוז ער זיך די פראגע שטעלען
זאָג מיר: „מא קא משמע לן?"

„וועלכע נוצען האָט דער לעזער
ווען ער לייענט דאָס שוין אָפּ?
וואָס האָט דאָס ליעד איהם געלערנט
וואס פערבלייבט דערנאָך אין קאָפּ?"

שכל פערלאַנגט מעהרער מעלות,
אויסער וואָס דער שיר איז שעהן;
נאר א שוטה זוכט א כלה, —
וואָס זאָל זיין נאָר שעהן אליין.

מעג דער פערז זיין ווי ערהאבען

ברייננט ער אבער קיינע נוץ;
בלייבט עס נאר א פוסטע פראזע —
שכל'ען זעטיגט ניט דער פוץ...

נאָך בעזונדערס ווען מיר אידען
האַלטען יעצט אין אַזאַ שטאַנד
ווען מיר זעטיגען זיך טעגליך
נאָר מיט האַס און דרוק און שאַנד.

שאַנד און שפּאָט איז אונזער חלק,
הונגער, עלענד נויט און פּיין;
דאָרטען טרייבט אונז מיט שטעקענס, —
דאָ לאָזט מען אונז ניט אריין!...

ערגער ווי אין מיטעל־אַלטער,
דאַן געפינט דער איד דאָך רוה;
ווען עס טרייבט איהם איין מדינה, —
קומט די צווייטע, נעהמט איהם צו.

היינט איז איבעראל פערשלאָסען
טהיר און טויער פאר דעם גרייז;
פון דעם ברענענדען עקוואטאר
ביז דעם קאַלטען ים מיט אייז.

עס איז יעצט ארוים א חיה
וואָס איהר שפּייז איז נאָר א „איד“;
און איהר גרוך איז זאָ געפעהרליך
מזיק'ט מיט איהר יעדען גליעד.

ציינער שאַרפע, נעגעל גרויסע
און איהר האַלז — א שטאַרקע קייט;
שפּריצט מיט גיפט אוואו זי קערט זיך,
אייער לייגט זי וואו זי געהט.

ביז עס בלייבט אונז קיין איין ווינקעל,
וואו די חיה איז ניטאָ;
שווימט אריבער דעם אַטלאַנטיק
און מען זעהט איהר גאַנץ אָפט דאָ...

און ביי דיזער שלעכטער לאַגע
גיט נאָך דיכטער אין זשאַרגאָן,
וועלכע פרעגען זיך קיין פראַגע:
„וואָס העלפט דאָס ליעד מיין נאַציאָן".

זיי בעזינגען בלומען, פויגלעך —
שענקען שפּיעלצייג — דיעזען גרייז...
שפּאַרען איהם אין מויל קאמפּאָטען,
אָבער קיין נאַרהאַפטע שפּייז.

און א היבשע מאָס ציניזם
און „ויזתא'ס" פול א סטאַק;
אויף דעזערט — א פוטער קוכען
און פערדארבען זיין געשמאַק:

און ווער רעדט שוין וועגען נוצען —
וואָס דערפון האָט די נאַציאָן?
ניט קיין טרייסטונג צו די צרות
ניט קיין עצה וואס צו טהאָן!

מיר בלייבט נאָר צו ווידערהאָלען
יענע אלטע — נייע ליעד ;
וואָס צום פעדלער איז געשריבען
און געמיינט דעם גאַנצען איד !

„וואָס זינגט איהר פּאָעטען פון בלומען פון פויגלעך ?
דאָס ליעדעל האָט לאַנג שוין איהר צייט אָפּגעלעבט,
דאָס פּאַסט צו פארשלעפערן קינדער אין וויגלעך
ניט בעסער דעם קראַנקען א היילונגס־רעצעפּט !
1892

# דריי סטאַנציעס

כי יצר לב האדם
רע מנעוריב (בראשית ח״א)

ווער עס איז א דיינקענדער
קעהרט דעם מח קלערענדיג ;
ווער מיט אויגען אָפענע
קוקט ער אויף דער וועלט.
אין דעם גרויסען מענשענטייך
פיעל עס גיט פערדאָרבענהייט, —
גניבה, גזילה, פאלשקייטען
גאָר א גרויסע צאָהל ;
איין פיש שלינגט דעם אנדערן,
ווער נאָר איז א שטאַרקערער
סיי אין כוחות קרעפטיגער
סיי אין קאַפּיטאל.

פּרופּט נאָר זוכט אן ערליכען
מיט א וואהרען צוטרויען
אויב איהר טרעפט א הונדערטהייל
איז דאָס שוין צופיעל ;
נאָך ביים ערשטען אדם'ן
זעהט מען שוין די מאָרדטהאַטען, —
איין ברודער דעם אנדערן
האָט דערשלאָגען טוידט.
און אזעלכע מעשה'לעך
פון א מענשען הרגע'נען, —
הרגע'נען און אָפּנעמען
האָט געטראָפען אָפט ;
ווער רעדט נידערטרעכטיגקייט
האמבאג און בע'גנב'נען,
גנב'ענען און לייקענען
שטייגט פון טאָג צו טאָג.
דערצו מיטלען זוכענדיג
קומט ארור פון אנוש'ן1)
וועלכע האָבען אויפגעקלעהרט
גלויבען רעליגיאָן ;
האָבען אויבען אָנגעצייגט :
אין הימעל אין „א סטאַנציע הויז“
ווער עס וועט דא זינדיגען,
ווערט אויבען בעשטראָפט.
זעהר יונג און שרעקעדיג
ווארען די פערצייטיגע ;
דיזעס העלפט די קליגערע
אויספיהרען דעם פּלאַן.
מ'הערט א דונער קלאַפּענדיג,

מ׳זעהט א שטערן פאַלענדיג,
מ׳זעהט א וואסער רוישענדיג
פון א שטורם ווינד;
פאַלט אויף זיי א שרעקעניס,
טרייסלען זיך און ציטערן,
מיינען אז גאָט בייזערט זיך
פאר די גרויסע זינד.
אָבער, קוים זיך צוגעוועהנט,
ווערט דער שרעק שוין לייכטערער
מענשען הערט מען זאָגענדיג:
— איך וויל לעבען יעצט.
וואָס קען דאָס מיר קימערן,
וואָס וועט זיין אויף יענער וועלט!
„דאַרף איך לעבען שטאַרבענדיג?
שטאַרבען ווען איך לעב“.
אגב טרעפט שוין גייסטליכע,
גוט געניטע „ביזנעסלייט“
מאַכען פון דעם גלויבענשטאָף
פאר זיך א געשעפט.
מענשען מעהר ערפארענע
האָבען זיך ארומגעזעהן,
אז דעם הימעל׳ס „סטאַנציע-הויז“
שטעהט פון דר׳ערד צו ווייט;
די פּאָליציע בלייבענדיג,
דאַרף מען איינע אָרדענען
וועלכע זאָל שטעהן נעהענטער
נעבען זיך איז שטאָט.
בכן—ווערט באַלד רעגירונגען,
קעניגע, געזעצגעבער,

כאַפּט מען איינעם זינדיגען
ווערט ער גלייך בעשטראָפט.
און דיביידע אָנפיהרער,
גייסטליכע און קעניגע,
לעבען ביידע ברידערליך
איינס דעם צווייטען שטיצט...
נאָר די צווייטע „סטאַנציע־הויז"
כאָטש זי איז א נאָהענטע,
קען זי אויך ניט אָפּהאַלטען
ווילדעס טהיער פון רויב.
מ'קען א מענשען הרג'ענען,
וואו קיין עדות זעהען ניט
וויים דעם אמת קיינער ניט,
בלייבט דער מערדער פריי.
אגב די פּאָליציע־לייט,
זיינען אויך נאר מענשעלעך,
זינדיגע נשמה'לעך —
נעהמען אָפּט כאַבאַר.
און אזוי די ריכטער־לייט,
און אזוי — די אָנפיהרער,
און אזוי — די טראָהן־זיצער —
יעדער זוכט פאר זיך.
מענשליכע פערדאָרבענהייט
ווערט דערפון ניט וויניגער,
גלויבענס און רעגירונגען
ברייגען מעהר בעטרוג;
ס'האַרץ צופלאַצט נאָר טראכטענדיג:
בלויז דאָס איינע קריסטענטהום,
פיעל עס האָט די וועלט־טהיילען

אויסגעווייקט אין בלוט !
קעניגע פון זייער זייט
מאַכען שטרייט פאר קלייניגקייט,
טויזענדער אומשולדיגע
פאַלען שוין אין שלאַכט !
יאָהר־הונדערט דער נײנצענטער
האָט ערקלערט פערניפטיגער
אָרדענען „אַ סטאַנציע־הויז“
אין דעם מענשענס האַרץ, —
איהם אין שולען לערנענדיג
וויסענשאַפט און זיטליכקייט
ער זאָל וועלען גוטעס טהאָן
ווייל ער האָט דאָס ליב.
אָבער דיזע „סטאַנציע־הויז“
האָבען אויך די מענשעלעך
נאָר צו שלעכט בענוצט.
זיי ערפינדען נייאיגקייט,
שיספּולווער גאר קינסטליכע,
וואָס זאָל מענשען ממית זיין
טויזענד מיט אמאָל !
דער שטודירט אויס מעדיצין,
ווערט א גוטער „סאָקערל2)
שמאָצקעט אויס די דאָלערלעך
פון א גאַנצער שטאָדט ;
ער זוכט נאָר זיין אייגעננוץ :
דאן ווען איך בין אונגליקליך,
ווען עס ברענט מיין שטיבעלע
וואַרעמט ער די הענט !...
לאָיערס — אויך דאָס זעלביגע

נעהמען גאַנצע הונדערטערס
פאַר דעם קלענסטען משפט׳ל
ער האָט דאָך שטודירט!
דער קליענט פערזיכערט זיך
אויף דעם לאַיערס מענשליכקייט;
דער נעמט געלט ביים צווייטען צד,
דער פערלירט דעם טרייעל
זעהט נאָר דעם אַפּטייקערל
האָט „פּראָוויזאָר“ אויסשטודירט
מעג ער נעהמען קוואָדערלעך
וואו איהם קאָסט אַ סענט.
אַלזאָ זעהט מען עפענטליך
וואו די אַלע מיטלען
פון די דריי בעשטרייגונגען
העלפט ניט אויף אַ האָר.
ניט קיין געריכט אַ הימעלישער,
ניט „סינג־סינג“ די שטאָטיגע
ניט קיין שטראָף קיין הערצליכע —
אַלעס איז אומזיסט!
פיש, בלייבט מען די זעלביגע
אַלץ איינס ווי די פאַריגע
מיט די זעלבע פיהרונגען
ווער נאָר גרעסער — שלינגט...
יעצט בייט זיך די מיינונגען.
אויף די צייט די קינפטיגע,
אויב עס וועט זיך בעסערען
אונזער וועלט אמאָל;
דער האָפט אויף צו ענדערען
אין דער וועלט די אָרדענונג

און עס זאָל זיך אויסגלייכען
מיה מיט קאַפּיטאל.
פילע ווארטען האָפּענדיג
אויף ישעיה'ס וואהרזאָגונג,
ווען דער וואָלף און שעפּסעלע
וועלען שטימען גלייך;
דער דיינקט אז די בילדונגסקראַפט
מוז צו ענדע גובר זיין
און עס בלייבט נאר קעניגען
ציווילזאציאָן!
פאַרלויפיג די צושויער,
שמעלצען הערצער קוקענדיג,
האמבאג, פאלשקייט גרויזאמע,
און עס נעמט קיין סוף!
ווען וועט זיך דאָס ענדיגען
מיט דעם טהיער צוויי פיסיגען,
ווען וועט ער ווערען מ ע נ ש ל י כ ע ר
אָה, עס איז נאָך ווייט!

## החלוהה והמחלוקת

נאום הגבר היקם על
משיח אלהי יעקב
ונעים זמירות ישראל.
(שמואל ב"ג)

דוד, שטאָלץ פון אונזער אומה!
דוד, געטליכער פּאָעט!

דיינע אָרעז פון דיין תהילים
בלייבט א מוסטער פון געבעט.

גיט דען ווער אין וועלט געשיכטע,
וואָס שטעהט מיט דיר אויף איין ברעט;
סיי אין גייסט און סיי אין קערפער,
העלדענקעניג און פּאָעט.

לייב און בער האָסטו צוריסען
און דעם גלית, פלישתים׳ס ריעז,
דו בעזיעגסט איהם מיט צוויי שטיינדלעך
אָהן א בויגען, שווערד און שפּיעז.

פאר דיין מיכל, דיין געליעבטע,
שטורעמסטו צום פיינד אריין
צוויי מאָל הונדערט לייט פערוואונדעט
אום דעם קעניג׳ס איידים זיין.

ביזט א שרעקבילד פאר די שונאים,
מואב, אדם און ארם, —
הויבסט מיט מאַכט דיין רעכטען ארעם
און דו שטירצסט זיי טיעף אין תהום.

אָבער דיזער שטאַרקער קערפער,
זאָפיעל העלדענמוטה און דרייסט,
אָה, ווי שוואַך און אומבעדייטענד
איז דאָס נאָך קעגען דיין גייסט!

פון דיין שאָף — צום קעניג׳ס פּאלאסט

האָט דיין נאָמען הין־געשוועבט ;
הימליש שפּילט דיין זיסע האַרפע
און דעם קעניג׳ס מוטה בעלעבט.

פאַר לוים, שפּילער, זינגער,
מוזיצירסטו אלץ אליין ;
שושן, שמינית און נחילות,
גיתית, יחלת מות־לבן.

שוהלען, קירכען און מאַטשעטען, —
(האָמער, בייראָן, דאַרטען פעהלט)
דיינע הימנען און אָדען
קלינגען אויף דער גאַנצער וועלט.

קריסטען קריכען צו דיין יחוס
— „פון דיר שטאַמט דער יעזוס קריסט"
טראָץ דעם וואָס ס׳זאָגט זייער גלויבען
— „יעזוס האָט קיין פאָטער ניט".

דיין׳ געזאַנגען ברייגנט דעם מענשען
מיט די גאָטהייט אין פערבונד —
איז א באַלזאַם פאַר דעם קראַנקען
לייכטערט, היילט, די גרעסטע וואונד.

א בריליאַנט אין „בוך פון ביכער"[1]
איז דער תהלים, דיין געבעט :
דוד ! שטאָלץ פון אונזער אומה !
דוד ! געטליכער פּאָעט !

---

בשעה שאמר דוד למפי בושת
אתה וציבא תחלקו את השדה
יצאה בת־קול ואמרה רחבעם
וירבעם יחלקו את המלוכה.
(שבת נ"ו)

זיידענס, וואָס האָט מעהרער ווירדע
שאַרעט מעהר דאָס קלענסטע פלעק;
דוד, מאַכסט א קליינעם טעות,
אה, ווי שעלכט דאָס איז אוועק!

הערסט רכילות פון קנעכט ציבא,
און דו פסקנ'עסט פאַלש א דין;
— „ציבא זאָל זיך גלייך צוטהיילען
מיט דעם קעניג'ס שאול'ס זיהן".

ווי א פלאַם האָט אָנגעצונדען
דיזער אורטהייל זיינע לייט,
איבערהויפט די שאול'יסטען,
וועלכע שטעהען שאול'ס זייט.

„דוד זאָל זאָ גיך פערגעסען
אז ער זיצט אויף שאולס טראָהן!
וואָס געהערט צו יהונתן
יהונתן, שאול'ס זוהן.

וועלכער איהם קומט די מלוכה,
און ער וואר זאָ טריי, זאָ פיין, —

דאָס ער ליעבט דעם דוד הערצליך,
שטעלט זיין לעבען פאר איהם איין.

אז א קינד בלייבט פון איהם איבער
קראַנק, און הינקט אויף ביידע פיס;
זיין פאמיליע דורך צושטארבען,
ער מוז זיצען ביי זיין טיש;

וואָס אין גרונד — איז ער דער יושר,
איהם נאָר קומט דער טראָהן מיט רעכט;
נעהמסטו העלפט פון זיינע גיטער
און דו גיסט אוועק זיין קנעכט!"

דיזער גלוטה ווערט ניט פערלאָשען,
דער פערדרוס וואר זעהר גרויס;
ביז רחבעם ווערט א קעניג, —
דאמאלס ברעכט דער פייער אויס.

(דען פאר דוד און פאר שלמה׳ן
קענען געגנער גאָר ניט טהאָן;
דען זיי האַלטען פעסט דעם סצעפּטער,
ס׳איז קיין צייט פאר רעוואָלוציאָן.)

דעם רחבעם בלייבט נאר איבער
בלויז פון פאָלק א זעקסטע טהייל;
און עס ווערט שוין צוויי פארטייען:
יהודה און ישראל.

דיזע בלייבען אייביג געגנער,

ביז זיי האָבען זיך פארלענדט;
ביז עס קומט נבכדנצר
און ער מאַכט פון אלץ אן ענד...

ג

ועדיין השטן מרקד בונינו.

פון רחבעם ביז דעם חרבן
דויערט ביז פיער הונדערט יאָהר;
קנאה, שנאה און מחלוקת, —
פלאַנצט זיך איין פון דור צו דור.

ביז די שנאה, ווערט נאַטירליך:
איינס דעם צווייטען — זיין א פיינד;
דיזער אונגליק, אונז בעגלייטעט
איבעראל, און ביז צום „היינט"...

---

קומען אידלעך נאָר צוזאמען, —
קען קיין שלום זיין ביי זיי;
מיטלען איז רעכט — אלערליי.
איינס דעם צווייטען וויל בעזיגען

זידלען, פאַטשען און מסירות, —
און ביי לאַיערס און אין קאָרט;
ס'איז א וואונדער ווען צוויי אידלעך
זיצען רוהיג אויף אן אָרט.

קומען אידען אין א „קאַנטרי" —
קוים זיי צעהלען צוואנציג לייט;

באַלד צוויי שוחטים — צוויי מנינים, —
טאָג און נאַכט אין קריעג און שטרייט.

(וואו צוויי אידען—רעדאקטארען —
ליידען לעזער באלד די שטראף
אנשטאט נייעס — איז שימפעריייען,
דאָס בעקומט מען לעזע־שטאָף...

רעדאקטארען מיינען ביזנעס:
צו געווינען פון א זיעג;
אָבער איהר, וואס קריעגט זיך, שרייבער?
וואָס געווינט א י ה ר פון קריעג.)

צדקה־חברות פיעל פון טוגענד,
ווערן גאָר אָהן יאָהרען אַלט.
פאר א שטעלע פון בעאַמטע
גראָבט מען אונטער — און דאָס פאַלט.

אויב איהר קענט א שוהל'כעל קריעגען
וואָס האָט ניט געהאט קיין „פייט"
קענט איהר אין „שיקאגא" שיקען
דאָס וועט זיין א זעלטענהייט.

קען עס ווער די נעזער צעהלען,
פיעל מען רייסט זיי אין א שעה?
וויפיעל ציינער אויסגעשלאָגען?
וויפיעל אויגען ווערען בלאה?

און דער ריכטער זיצט און שמייכעלט,

ווען אזוינס קומט איהם צום האַנט;
שעמען כ'לעבען, דארפען מיר זיך
פאר די שכנים דאָ אין לאַנד!

האָב שוין גאָט אויף אונז רחמנות,
ווען מיר זעלבסט פערשטעהען ניט;
פיעל מחלוקת פיהרט אונז איבער,
זי בעגראָבט אונז און בעשיט.

צו דיין פאָלק, שיק גאָט דיין שלום
פריער צווישען זיי באנאנד,
זאָלען וויסען, זיך בענוצען,
מיט דער פרייהייט פונ'ם לאַנד.

.1891

# בחרבוני קיץ[1]

אויפ'ן בער פאַלט א שיסקע א ליערע,
קלינגט מיט איהם דער גאַנצער וואַלד;
פאַלען אויף איהם בוימער שווערע,
מאַכט ער קיין ליאַרעם קיין געוואַלד
פלעג איך ווען א שונא דערשמעקען,
וועלכער וויל דריקען מיין איד —
מיין געשריי פלעגט דאן טוידטע אויפוועקען
פערקלינגען די וועלט מיט מיין ליעד.
יעצט ווען מיין פאָלק ליגט געפעהרליך,
קיין דאקטאר געפינט גאָר קיין ראַטה

פאַלט מיר דער שרייבען זאָ שווערליך
מיין פעדער זאָ שטום און זאָ מאַט.

---

מיין איך! איך וואָלט טהאָן פאר דיר גערן,
זעה איך ווי שוואַך איז דער „איך“,
איך וואָלט דיר בעזונגען מיט טרעהרען
האָב איך שוין קיין טרעהרען אין זיך.
וואו זייט איהר, איהר אינגערע יאָהרען?
ווען איך וואר נאָך מיט טרערען רייך
קוים איז מיין פאָלק שלעכט געוואָרען
פליסט פון מיר טרערען א טייך.
אויסגעוויינט זיך ווי דער ביבער,
דאָס האַרץ בעקומט ווידער איהר רוה;
קוים די דריי וואָכען אריבער —
קומט אָן דער שבת נחמו.

היינט איז מיין מאַרך אויסגעטריקענט
פערשטאָפּט איז פון טרערען דער קוואַל,
מיין האַרץ איז געפּרעסט און זאָ דריקענד,
פערשטיקט איז די לופט איבעראַל.
איך וואנדער אין מדבר זאהארא,
איך זעה קיין געוויקס און קיין לאַנד;
דער זאמום[1]) מיט זיין דיקע חמאַרע
פערשיט מיך מיט ברענענדען זאַמד,
זיילען שטויב, שטיל, ווי בגניבה,
ציהט זיך א פאָלק, נאָך א פאָלק;
מיין סקעלעט שטעהט ווי א מצבה
איבער דעם גראַב פון מיין פאָלק.
אין רוסלאַנד מיין בלוט — מיינע ברידער,

די גרעסטע העלפט פון מיין נאַציאָן,
זינקען פון טאָג אין דער נידער,
קיין לאַנד וויל פאר זיי גאָר ניט טהאָן.
צווישען די וועלף בייז און רייצזאַם
מיט שאַרפע געשליפענע צייהן,
שטעהט איצט דער שעפּ, שוואַך און איינזאם
עלענד אין פעלד גאַנץ אליין;
דייטשלאַנד און עסטרייך ווי שטומע,
פראנקרייך נאָך חנפט דעם שלאַנג...
ניטא אויף דער וועלט גאר קיין אומה
זאָל שרייען צום טיגער — „ווי לאַנג" !

אמעריקא ליבעראל און בעשיידען,
פערוואָרפען א וואָרט — וואָס בעטרעפט ?
„שווער" — זאָגט זי — איז איהר צו ריידען,
מיט רוסלאַנד „שטעהט זי אין געשעפט"...
פערצאַמט איז אין יוראָפּ די גרענצען,
קיינער לאָזט איהם ניט אריין;
אָה, טיגער אין קליידער פון מענשען,
מערדער אין וואַלד דאַרפט איהר זיין !
וואָס האָסטו די וועלט זאָ פערוואונדערט
דו פאַלשע ציוויליזאַציאָן !
ווייז אין דיין לעצטען יאָהרהונדערט
וועלכע גוטס האָסטו געטהאָן ? !

צייגט די סטאַטיסטיק אַ מינוס
פון זעלבסטמאָרד, פון מערדער די צאָהל ?
פערקערט דו ערפינדעסט מאַשינעס
צו טויטען א פאָלק מיט אמאָל...

פלענער פון שווינדלער בעטריגער
געפינט מען היינט מעהר אלערליי,
מאַכסט מענשען כיטרער און קליגער
דאָס האַרץ ווערט נאָך ערגער ביי זיי...
פערניכטעסט דעם האַנדעל פון שקלאַפּען,
דו רעטעסט דעם ארבייטער׳ס וועלט, —
פאר׳ן ווירטה מוז ער ווי אמאָל שאַפּען,
און קראַנק זיין פאר אייגענע געלט...

האָסטו דען געבראכט א ישועה
צום בלבול פון עלילת דם ?
מיר האָבען דאָך געהאָפט : די רפואה
געפינט מען ביי דיר מן הסתם.
פאָלקס שוהלען אין אלע גאַסען,
קאָלעדזשען אין יעדער שטאָדט ;
קיין פאָלק וועט די צווייטע ניט האַסען
דער בלוט־בלבול — זיין וועט צו שפּאָט.
לסוף ווען האָט מעהר מאָל געטראָפען
אַמאָל, צו די איצטיגע צייט ?
„קארפו" האָט נאָך ניט איינגעשלאָפען,
שטעהט שוין „רומעליע" און שרייט[2]

ווארום האָסטו חברות געגרינדעט,
האָסט כלומרשט רחמנות אויף פערד —
ווען מענשען ליגען פערוואונדעט
געשטאָכען פון דיין איידעלען שווערד ?
טהוסט אָפּ כל הרציחות
אין נאָמען פון הומאַניטעט ;
צייטונגען, קלינגען דיין יחוס,

פּערלאַנגסט נאָך אין בעקעל א גלעט.
— „פון עלעקטרי געפין איך דעם שליסעל,
אויף קונסט בין איך ספּעציאַליסט" —
פון בלאָטע שטעלסטו אוים דיין פּיסעל
ווייזען ווי כשר דו ביזט...

מיין פאָלק! וואָס פערלאַנג איך פון לייטען
רחמנות, ווען דיר איז ניט גוט,
ווען איך זעה עס שטעהען פון ווייטען
ברידער פון דיין פליש און בלוט.
ברידער פון רוסלאַנד געבאָרען,
געליטען אויך צרות אָן שיעור;
אקאָרסט געקומען צופאָהרען
ווי גיך זיי פערגעסען אָן דיר...
דער האָט צו זיין „פּרעזידענט" תאוה,
זיצען אויפ'ן טשער אויבען אָן;
דער יאָגט זיך נאָך כבוד, נאָך גאוה,
און וואָס קימערט זיי די נאַציאָן.

און ווער רעדט שוין גרינדען „סאָסייעטיס"
מען רעדט וועגען דיר זעהר הייס,
קומט דיר נאָר אָן די פּאָטייטעס,
אין „דומהייט" נעמט צו דיינע פליש... —
דאָס געלט געהט אוועק אויף פּרעזענטען,
מעדאַלען און „יאהרעס־פּעסט", —
פאר טרעזשורער און פּרעזידענטען, —
מען עסט אויף די אייער אין נעסט...
די אידישע בעלי מלאכות
האָבען א פראגע פון ברויט

זיי מיינען ניט טהאָן דיר צו להכעיס —
דערוויילע פערגעסט מען דיין נײַט.

ביי דיינע דייטשע ברידער
ביזטו פערעכענט פאר דול,
ווען „ציון" איז דא אין דיין סידור
און עס זינגען קיין מיידלעך אין שוהל...
עס גיט נאָך פון זיי אויך רבנים
וואָס מאָלען דיר אזוי שוואַרץ —
אָה, די סעמיטישע שונאים —
דאָ פּלאַצט אין גאַנצען מיין הארץ.
אָט די אלע זאַמדיגע ציילען,
פאלען ארויף אויף מיין לונג
צולעכערען איהם ווי מיט פיילען
פערשטומען — מיין פעדער, מיין צונג.

1891

# די דריי טויבען

1

גליקליך לעבט אַמאָל דער איד
אין שפּאַנישער מדינה;
אין קאסטיליען, אין מאַדריד,
סעווילע. בארצעלינע,(1

2

ביי דעם קעניג, פערדינאַנד —
אידען מיניסטאָרען,

גענעראלען פול אין לאַנד,
דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען.

3

יעדער איד לעבט זעהר רייך
און וואוינונג און אין קליידען;
פּינקטליך מיט דעם קריסט צוגלייך
ניט צום אונטערשיידען.

4

נאָר דער גליק שיינט דאָרט ניט פיעל
דעם אומגליקליכען אידעל.
מען הערט איהם זינגען שטיל
א טרויעריגס לידעל.

5

פערצעהן הונדערט אַכציג צוויי,
צעהן יאָהר פאר דעם גירוש,
שפּירט דער איד עס טהוט איהם וועה,
ער פערלירט זיין חירות.

6

עס שטרעבט די אינקוויזיציאָן
זיין פרייהייט צו בעגרענצען, —
וואָס דער איד וויל עטוואָס טהאָן,
האָט ער קיין רעכט פון מענשען.

7

דאָן יצחק אבארבנעל
קען זיי אויך ניט רעטען;
עס העלפט זיי ניט זיין הויכע שטעל
זיין ווינען און זיין בעטען.

8
נאָר דער פּעבעל שפּירט עס ניט,
האַלט עס פאר א פיבער;
עס טרייסעלט דורך א צעהן מינוט,
די קראנקהייט לויפט אריבער.

9
אין דעם שעהנסטען, פיינסטען אָרט,
ניט ווייט פון קעניגס טויער
אין מאדריד זעהט מען שטעהט דאָרט
א דריי עטאַזשנער מויער.

10
אז דאָ וואוינט א גרויסער גביר
וואָלט דאָך יעדער שווערען;
עס געהען יעצט פיעל געסט צום טיר
דאַמען פיעל און הערען.

11
אקאָרסט־וואָס געוואָרען נאַכט,
דער זאַל איז פיין בעלויכטען,
און א טיש געדעקט א פּראַכט
מיט שפּאַניער וויין און פרוכטען.

12
אַלע טרינקען צום ווירטה וויין,
ביי די זיסע שפּייזען.
ווינשען גליקליך איהם צו זיין,
וואו ער וויל יעצט רייזען.

13
איין גאַסט אַבער דאָרט אין הויז
פרעגט דעם ווירטה א פראַגע:

וואָס לוינט אייך פון לאַנד ארויס
ביי דער רייכער לאַגע ?

14
הייזער ווירטהשאַפט—אלץ פערקויפט,
אלץ איבערגעגעבען ;
און פון שפּאַניען איהר אנטלויפט,
מאַכט איהר דאָ קיין לעבען ?

15
נאר דער ווירטה, ענטפערט קיין וואָרט
פיהרט ארויף זיי אויבען ;
אין א צימער וואָס שטעהט דאָרט
שטייגען דריי מיט טויבען.

16
איין טויב לעבט געזונד און פריש,
שרעקליך איז די צווייטע,
אָפּגעפּליקט פון קאָפּ ביז די פיס,
געקוילעט ליגט די דריטע.

17
—איהר זעהט די טויבען ?—זאָגט דער ווירטה
יעדערע פערשיעדען ;
אין די טויבען מיין הארץ שפּירט
דעם סוף פון היגען אידען.

18
ער ווערט געפּרעסט מיט דרוק, מיט דראַנג
ער קען דאָ פיעל ניט בלייבען ;
דויערען וועט דאָס ניט לאַנג
מען וועט איהם ארויסטרייבען.

19
א האַלב מיליאָן, אַלע בענאַנד
װעלען מוזען לױפען.
לאָזען װעט איהר דאָ אין לאַנד
װירטהשאַפט, גוטץ אין הױפען.

20
אָפּגעפליקט װעט איהר ארױס
װי די טױב די צװײטע ;
בײט װער דאן זײן גלױבען אױס —
בלײבט ער װי די דריטע.

21
דען װער קען עס יוצא זײן
פאר די פרומע פריסטער ? —
פאַלט א מענש צו זײ ארײן
שטעהט אין טױטען רײסטער...

23
איך זעה די צוקונפט פון דער װײט
און מוז אלץ פערקױפען.
דאָס בעלאנגט נאָר אָן דער צײט
װער פריהער װעט אנטלױפען.

24
לױפט פון שפּאַניען איצטער װער —
דער איז א בעגליקטער ;
װעט ער װאַרטען עטװאָס מעהר
אנטלױפט ער אן אָבגעפליקטער.

25
װעט ער װאַרטען ביז צולעצט,
טו זעהט די טױב די דריטע ;

לויפען לויפט פון שפאַניען יעצט,
ווען ניט איז דאָ די — שחיטה...

26

אויף די ענדע פון דער נאַכט
זאָלסט יעצט ניט גלויבען.
קוק אויף שפאַניען און בעטראַכט
דעם משל פון די טויבען...

# לשנת תרנ״ד

1
דער וועלט־זייגער שלאָגט אצינדערט
פינקטליך פיער און פופציג יאָהר,
צום צאָל זעקס און פופציג הונדערט
פון דעם ערשטען מענשענס דור.

* *
*

2
דען דער וועלט־רוים איז גאָטס זייגער —
אומעטום שטעהט זיין פעטשאַט,1) —
זון און מאָנד זיינען די ציינער,
און די ערד — דער ציפער בלאַט.

3
די לבנה ציינט מאָנאַטען,
און די זון — טאָג און נאַכט,
און פון יאָהר אלע פיער צייטען
צייגען דיעזע צוויי א פראַכט!

4
פירכטעט ניט פאר שטויב פון דרויסען,
מיט קיין גלאָז איז ער פערשטעלט,

איהם שאַדט ניט קיין קלאַפּ, קיין שטויסען,
קיינמאָל האָט ער זיך געשטעלט.

5
איהם האָט קיינמאָל ניט געטראָפען
ניט געהן ריכטיג אויף א האָר,
ניט געשפּעטיגט, ניט געלאָפען,
שוין כמעט זעקס טויזענד יאָהר.

6
אויף איהם הענגען אויך צוויי וואָגען,
דער שטויסט אָב, דער ציהט צו זיך;
די צוויי כוחות דרעהען, טראָגען
אלע רעדלעך זעהר גיך.

7
פיעל קאַמעטען און פּלאַנעטען,
נעפּטון, ווענוס און מערקור,
אעס דרעהען די צוויי קייטען,
די צוויי קרעפטען פון נאַטור.

8
עס אָנציהען ווי דער שטייגער
אַלעס דרעהען די צוויי קייטען.
דאָס פערשפּאָרט מען אין דעם זייגער,
געהט און געהט פון דור צו דור.

9
אלע וואונדער און מאַשינעס
וואָס קען געבען אויף דער וועלט,
ליעגט דאָס אלץ אין די שפּרונדזשינעס,
קיין איין קונסט איז דאָ פערפעהלט.

10
טעלעגראַפען, פאָנאָגראַפען,
עלעקטריע און מאַגנעט.
האָט דער מייסטער אלץ בעשאַפען
אַין דעם זייגער וואָס איהר זעהט!

* *
*

11
אָה, דו גרויסער זייגער־מייסטער!
ווער קען דען דיין ווערק פערשטעהן?
ניט קיין מענשען, ניט קיין גייסטער,
קיינער קען דיין סוד דערגעהן.

12
ווי דו האָסט עס אלץ בעשאַפען
און בעשאַפסט נאָך עד היום —
וועלטען פול מיט ים און האַפען
אין דעם אונבעגרענצטען רוים.

13
ווער קען צעהלען די מיליאָנען
וועלכע שוועבען איבען שטיל?
וועלכע רעדלעך זענען זונען
וואָס בעוועגען ערדען פיעל?

14
ווער קען דען דיין זייגער מעסטען
אין זיין לענג און אין זיין ברייט?
און פערשטעהן זיין קראפט דעם פעסטען,
זאָ פיעל דורות צייט ער געהט?

15

וואו איז דער אָרט, וואָס פערמאָגט עס
צו ענטהאַלטען דיעזען נעסט ?
און דער מייסטער, וועלכער טראָגט עס
אזאַ טאַש־אוהר אין זיין וועסט ? !

* *
*

16

גרויסער קינסטלער ! איז ניט מעגליך
מיר ערלויבען טהאָן א בליק,
ווי די אוהרען ווערען טעגליך
פאַבריצירט אין דיין פאַבריק ?

17

און צוריק מיך לאָזען שוועבען
צו די מענשען דאָ אויף דר׳ערד,
איך זאָל קענען איבערגעבען
אלע קונסטען, ריין ערקלערט ?

18

און מיין צייט ווען עס וועט קומען,
איך וועל דאַרפען געהן צוריק —
זאָל איך ווערען אָנגענומען
אלס א העלפער אין פאַבריק.

19

איך זאָל וויסען אלע קוועלען,
אלע סודות פון נאַטור,
און זאָל קענען זעלבסט אויפשטעלען
אזא קינסטליך טאַשען־אוהר.

20
נאַר דיין „יא וואָרט“ וויל איך קריגען;
האָסט מיט מיר אזוי בעשטעלט,
דאן וועל איך מיט פערגעניגען
נעהמען אבשייד פון דער וועלט. —

# תרנ״ח

א נייער ספר גערהט ארויס,
זיין נאָמען איז „דער יאָהר תרנ״ח,“
דער אינהאַלט דאָרט, איז וויכטיג, גרויס,
דאָך אָהן ווערטער, אָהן א שפּראַך,
פון קיין בוכשטאַב איז קיין שפּור,
דאָך לעזט יעדער, קלאָר אין איהם,
רעדאקטירט ביי דער נאַטור,
דער מחבר, „אלהים.“

שטענדיג דיעזער בוך ערשיינט,
אלע יאָהר — פּונקט ניט פערפעהלט,
ווי דער פאַריאָהר, זאָ היינט,
אימער זייט עס שטעהט די וועלט;
און ער ווערט אויך צוגעשיקט,
אלעמען אָהן אונטערשיעד,
סי צו דעם, וואָס רייך, בעגליקט,
סיי צו דעם, וואָס זינקט אין לייד.

א בלאַט א טאָג לעזט מען, ניט מעהר,
מ'לעזט דעם בוך אויס אין א יאָהר;

מ׳האָט קיין רעכט, צו טהאָן א קער,
זעהן וואָס ווייטער, קומט דאָרט פאָר.
איינער פיהלט געשמאַק אין זיי,
א צווייטער לעזט עס אונבעטראכט...
איינער לעזט א בלאַט, צי צוויי —
פלוצלונג ווערט דאָס בוך פערמאַכט.

עס קומט אן אָט דער זשורנאל,
אלע ברואים אן געצאָהלט,
דער רעדאקטאר האָט קיין כלל,
וועמען פיינט, און ווען האָלט...
רויבער, שלעכטע, שטייגען אויף,
שטילע ווערט געצאַפּט דאָס בלוט,
דער זשורנאל ער הערט ניט אויף,
קומט אן יעדען צו׳ם מינוט.

דער זשורנאל ער הערט ניט אויף,
חאָטש די לעזער בייטען זיך,
פיעלע קומען, לעבען אויף,
פיעלע שטאַרבען, זעהר גיך.
לענדער, פעלקער, — אלץ אַגאַל, —
שטייגען, פאַלען ביז צום גרונד,
אך ווי פעסט, איז דער זשורנאל,
זעהט די בלעטער! זעהט דעם בונד!

הערר רעדאקטאר! אייך בעט איך,
מאַכט קיין אָבהאַלט אויף מיין וועג,
רוהיג, מונטער, לאָזט נאָר מיך
לעזען ווייטער ביז צום ברעג;

כ׳וויל נאָך לעזען פיעל, אסך,
מיר איז ליעב דאָרט יעדע בלאַט,
כ׳וועל אייך דאַנקען פאר „תרנ״ח",
און וועל האָפען אויף „תרנ״ט."

# אן אויביגער סוד

נאָך א יאָהר — איז נאָך א רינג
אין דער גרויסער קייט דער וועלט,
וואו דער אָנפאַנג? וואו דער ענד?
אלעס איז פון אונז פערשטעלט!
און וואָס איז דער צוועק דערפון,
ווען איך לעב שוין הונדערט יאָהר?
כ׳ארבייט, עס און שלאָף, און שטאַרב,
און עס קומט א נייער דור;
און די ערד דאָרט בייט מיר אויס
אויף א בוים, צו אויף א ביהן
און מיט אלעס וועקסעלט זי,
וואָס איז פאָרט דער צוועק, דער זין?
מיט דעם גאַנצען זון־סיסטעם
מאַכט „נאַטור" דעם זעלבען שפיעל —
איין פלאַנעט, דאָרט, צופאַלט,
האָט זי שטאָף אויף נייע פיעל;
און אזוי מיט די מיליאָנען
זונען, וואָס מיר זעהען ניט,
זאָג מיר פאָרט, נאַטור געהיימע!
וואָס בעצוועקסטו מיט דערמיט?

# פערשיעדענעם

## רעטענישען, אפאָריזמען, פעליעטאָנען.

### חידה 1.

מיין פאטער און מוטער קענט איהר לעבעדיגע געפינען.
און לעבעדיגע קינדער וועל איך געווינען.
קיין לעבעדיגעם געוועזען בין איך אליין,
איך האב קיין אטעם גלייך ווי האלץ ווי שטיין.
מיין מוטער געבארט מיך אין גיכען.
מיינע קינדער'ס געבורט געווערט שוין א צייט:
צו מיר איז דער הימעל מיט די ערד געגליכ
צוליעב מיר קריגען זיך די גרעסטע לייט.
פון צוויי פארבען בין איך געבויט.
צו מיין קינדס געבארען בלייב איך טויט.

### פתרון

אויסזאגען אייך קען איך מיך ניט בעשליסען.
דען א י י איך וועל אייך אויסזאגען וועט איהר שוין וויסען1)

### חידה 2.

אדם הייתי, ורבית חייתי
לאדם נולדתי, ובנים הולדתי.
אם מת אבי, מי ידענו?
קבורה לא היתה לו, ופה איננו:
ולמעלה מחציי, מתו כל אברי.
מות בקרבי, ותמו יצורי

ומחציי ולמטה חליפות תראנו,
מעבר מזה ארי נרא הנני,
מעבר מזה לרפה כח תחשבני,
פעם בחברת נבונים תמצאני,
פעם חרב חדה הנני.
ופעם שלת תלשתני
ואם יעמד מאחרי כן נשיא אפרים
הנני בעל ארבע רגלים.

## א בגד אויף אלע יום טובים

מ ח ו ת ז. ווארום זייט איהר געקומען ר׳ שמערל! אויף מיין שמחה אין אזא׳ן אלטען בגד?

דער ג א ס ט. ווייל דאס איז ביי מיר א נוצליכער בגד אויף אלע יום טובים.

פ ס ח איז אין איהם קיין ב ר ע ק ע ל ניטא:
ש ב ו ע ו ת. ברויכט ער אויך ת ק ו ן:
ר א ש ה ש נ ה. ב ל א ז ט עס פון אלע זייטען:
י ו ם כ י פ ו ר. טויג דאס אויף 18 כ פ ר ו ת:
ס ו כ ו ת. איז דאס אהאדער (הדר):
ח נ ו כ ה. איז דאס פול מיט ל א ט ק ע ס:
און פ ו ר י ם. צושיט זיך עס אויף מ א ה ז.

## ו ו י י ב

— ווארום רופט א מאן זיין פרוי „ווייב״?

ווייל עס גיט א גוטע און א שלעכטע „עזר״ און „א כנגדו״, א „מצא״ און „מוצא״ דארום רופט מען די גוטע פרוי „ווייב״ ווייל דאס מאכט: „והוא ימשול בך״ (בראשית ג ט״ז) און די שלעכטע פרוי רופט מען „ווייב״ ווייל דאס מאכט: „וחוטא ילכד בה״ (קהלת ז כ״ג).

וואס פאר א שעהן געשטאלט דאס ווייבעל האט,
און ווי ווייט גרייכט איהר נשמה.
איהר קערפער האט בעשאפען גאט
און דער טייפעל — איהר נשמה.

## פרויען־כאַראַקטער

(אפאריזם)

דאס ערשטע וואס זיי צייגען:
וויפֿיל גוט זיי זענען.
דאס ערשטע וואס זיי ערפאהרען:
ווי שעהן זיי זענען.
דאס ערשטע וואס זיי פערגעסען:
ווי אלט זיי זענען.
דאס ערשטע וואס זיי פרובירען:
ווי שטארק זיי זענען.
דאס ערשטע וואס זיי ערפאהרען:
ווי שוואך זיי זענען.
דאס לעצטע וואס זיי בעטראכטען:
ווי פערנארט זיי זענען.

## קדש ורחץ

זכרוני כי בילדותי קראתי באיזה פירוש על ההגדה, שמוכיח כי בסדר סימן של פסח צריך להיות „רחץ" תחת „רחצה", יעלה על דעתי, שהסמנים האלה נוסדו בדרך שיר. היינו:

קדש ורחץ.
כרפס יחץ.
מגיד רחץ.
מוציא מצה.
מרור כורך,
שלחן עורך.
צפון ברך.
הלל נרצה.

היינו שלשה חרוזים שוים ורביעי יוצא.
ועוד שלשה שוים ואחד יוצא כנגד הרביעי.

# די אמעריקאנער אידען און דער ציוניזם

(ציטאַטען פון אַ דעבאַטע איבער׳ן ציוניזם וואָס אליקום צונזער האָט געפיהרט מיט ה׳ יאָהאן פאליי אין דעם "פאָל קס־אַדוואָקאַט", 1890).

איהר האט זיך אויסגעדריקט מיט די ווערטער אויף די נאציאנאליס־טען:

— „זיי פאנטאזירען וועגען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה אין ארץ ישראל און שווערמען איבער א שטיינדעל פון מוטער רחל׳ס קבר" און ווייטער זאגט איהר אויך שרייט מען צום פאטריאט, צייגט ער אונז „א גאנצע מלוכה אין פאלעסטינא מיט א הייליגער גאטעס־דינסט אויף די שטומע שטיינער פון כותל מערבי". נייז הער פאליי, איהר האט א טעות אין דער הינזיכט: דיזע טהייל אידען וועלכע איהר רופט אז זענען אונפראקטישע נאציאנאליסטען, אונבעדענקטע פאטריאטען. אבער וואס מיר רופען זיי חובבי ציון, האבען קיינמאל ניט געדיינקט און דיינקען יעצט ניט וועגען אומקערען צוריק גאטעס דינסט אין בית המקדש. מיר ווייסען אז די קרבנות וועלען זיך נימאלס אומקערען מיט אונזער עמיגרירען נאך פאלעסטינא. מיר ווייסען אז זיי זענען געווען א רעצעפט צו א געוויסע קריינק. וועלכע דאס פאלק האט עס מיטגעבראכט פון מצרים. און אלע נביאים פון ישעיהו ביז הושע האבען אויף דעם געשריען. און וועגען יעצטיגער צייט איז שוין געווים ניטא וואס צו ריידען. אפילו שמיטה וואס דאס פאדערט די נאטור פון דער ערד, זיינען אויך אלע חובבי ציון פון רוסלאנד, און אלע גרעסטע רבנים ווי ר׳ יצחק אלחנן, ר׳ מרדכי עליאשבערג און נאך פיעלע אנדערע רבנים געווען נעגען שמיטה און אלע קאלאניסטען האבען געארבייט אין דעם יאהר פון שמיטה.

וועגען א מלוכה, האט דאס גאר קיין איינער פון די נאציאנאליסטען פון זיין מויל ניט ארויסגעבראכט, אבוואהל דאס איז גאר ניט ווייטלויפיג מיט דער צייט — זעהענדיג ווי אין טערקיי האבען זיך די לעצטע צוואנציג

יאהר געבילדעט פיעלע לענדער אזעלכע ווי רומעניען, בולגאריען, מאנטע־נעגרא, סערביען — די אומה'לע זוכט נאר א רוהיגען ארט. און דורך די נסיונות פון די לעצטע 16 יאהרהונדערט, (צייט קאנסטאנטין דער גרויסער האט אנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, און דאס קריסטענטהום האט בעקומען א מאכט), האט זי געזעהן אז אונטער קריסטען וועט זי ניעמאלס האבען א רוהיגען ארט, דען אין זייער אלע הייליגע איקאנען מיט די הייליגע בילדער שטעלען פאר ווי יעזוס שטעהט געקרייצט פון אידען. דער גאנצער נייער טעסטאמענט איז נאר געגרינדעט אויף די רציחות מיט וועלכע אידען האבען זיך נוקם געווען אין יעזוס קריסטוס, יעדעס קריסטליכעס קינד ווערט אין דעם גלויבען ערצויגען און זויגט די שנאה צום אידען צוזאמען מיט די מוטערס מילך, די זעלבע שנאה ווערט אין איהם איינגעווארצעלט מעג ער דערנאך גלויבען אין קריסטוס אדער ניט, ווי די פראקטיקע האט אונז גע־וויזען אין דייטשלאנד און אין עסטרייך, אז מעהרערע פון די אנטיסעמיטען זענען פראפעסארען און סטודענטען, פון הויכער בילדונג: דער איד קען נאר קריגען א רוהיגען ארט, ביי די נאציאנען, וועמעס גאט ער האט ניט גע־קרייצט, אויפ'ן תליה ניט געמאטערט, און דיזעס קריגען מיר נאר אין טערקיי, אין אלקאראן איז קיין זכר ניטא וועגען שנאה אויף דעם אידען, די לאנגע וועלט היסטאריע האט אונז געוויזען אז אין טערקיי איז קיינמאל אין א געטהא ניט געווען קיין עלילות דם, (אין מאראקא האט עס אויפגערייצט דער פראנצויזישער קריסטליכער קאנסול).

אין ארץ ישראל קען א רוהיג אידיש ווינקעלע בעשאפען ווערען.

פון אמעריקא זאלט איהר ניט בריינגען קיין ראיות, מיר זעהן דעם הפך. ווי לאנג איז ערשט ווי וואשינגטאן האט ארויסגעגעבען זיינע מענשענ־פריינדליכע געזעצע און ביי דעם אלעם עקסעסטירט גענוג די שנאה פון קריסטען אויף אונז, מיר ווייסען גענוג רעדאקטערע וואס רייצען טאג טעגליך אויף דאס פאלק אויף דעם אידען, און מיר זענען זיכער, אז די גרעסטע טייל פון זיי וואלטען עס געטהאן ווען זיי וואלטען ניט מורא געהאט פאר זייערע ביזנעס, און מיר זענען נאך ביז יעצט ניט זיכער, אויב מיר וועלען דא אין אמעריקא האבען אימער אזעלכע רוהיגע טעג, און אויב חלילה דא וועט עפענטליך ארויס די שנאה, דאן וועט דא זיין ערגער ווי אין רוסלאנד, דארטען איז דא איינער וועלכער ווער ער גיט א געשריי האלט! ווערט עס גלייך שטיל, און דא געהט ארייז די גאנצע רעגירונג צו די איירישע און צו די דייט־שען, וועלכע האבען מיטגעבראכט זייער אנטיסעמיטיזמוס פון אייראפא, און די געזעצען ליגען ביי זיי אין די הענט, יעצט ווארפען זיי אויף אונז אויף די

שולד, וואס ביי אונז געפינט זיך א גרויסער פראצענט סאציאליסטען, און שפעטער וועלען זיי געפינען טויזענדער אנדערע אורזאכען. און געגען דער אידישער צוקונפט אין אמעריקא שוועבען פילע פינסטערע וואלקענס. ווען דער איד זאל זיך בעצייטענס ניט נעמען צוזאמען און זארגען מיטלען איידער די שנאה וועט ארויס עפענטליך.

— אונז טרייסט גאנץ ווייניג וואס אנדערע זאגען אז אזא צוקונפט קען נימאלס קומען אין אמעריקא, דיזעלבע טרייסט האבען מיר געהערט. אין די העלעניסטישע צייטען אין שפאניען ווען עס העלפט פון דאס לאנד האבען רעגירט אראבער, און נאך פילע צייטען אזעלכע, און וואס איז געווען די ענדע? ווער וואלט עס גלויבען דאס אין דייטשלאנד, דארטען וואו עס איז געוועזן שיללער, געטהע, היינע, בערנע, טשאקע, לעססינג, הומבאלט קאנט און דארטען וואו לאסקער האט געהאט די ערשטע דעה אין פארלא־מענט זאל אין איהר קענען ארויס די שרעקליכע חיה רעה אנטיסעמיטיזמוס און זאל דערמיט פארפעסטען גאנץ אייראפא?...

זא ווי זא מוזען מיר זיך אנגרייטען א קאפענקישעלע אין פאלעסטינא עס זאל זיין אין א נויט וואו צו אנטלויפען. צווישען קריסטען וועלען מיר קיינמאל אונזער זיכערע רוה געפינען. דען דער איד שטעהט זיי אייביג, ווי א שאנדע־צייכען אין די אויגען. דען נאר דער איד וויים ריכטיג וואס ניט פיינעם עס האט פאסירט מיט דער מיידעל „מאריא”, יעזוס איז אונטער אידען געבארען און אונטער אידען ערצויגען, און דארום קען זייער הארץ ניט רוהיג זיין ביז זיי וועלען דיזען שאנדע צייכען פון דער וועלט אויס־ראטען.

— איך פרעג אייך, הער פאליי — איהר זעהט דאך שוין אפען אז אלע רוסישע אידען וועלען מיט דער צייט מוזען עמיגרירען, טו וואס ארט דאס אייך אז מיר וועלען ה"א האבען א מיליאן עמיגראנטען וועניגער? דען פא־לעסטינא פארנעהמט 600 קוואדראטנע מייל אויסער גליל, וואס פון יענער זייט ירדן, די קאפיטאליסטישע עקספלואטאציע וועט דארטען פיעל וויניגער עקזעסטירען איידער דא, דען ביז וואנען אלע קליינע קאפיטאלען וועלען ארייגפאלען אין אייניגע געצעהלטע הענט ווי דא אין אמעריקא, קען נאך געדויערען אייניגע הונדערט יאהר. דען די פרייהייט פון אמעריקא, דאס וואס די רעגירונג וויל קיין זאך ניט נעהמען אונטער איהר שוץ ווי: באנען, בייגק, און נאך פילע אנדערע גרויסע געשעפטען, גיט דאס די מאכט עס זאלען ניכער שווימען די קליינע קאפיטאלען אין די גרויסע איינצעלנע טייכען. אין פאלעסטינא איז דאס אבער דער פאל ניטא. דארום קען עס נאך דויערן

פילע הונדערטע יאהרען ביז דער קאפיטאל זאל זיך געפינען אין דריי אדער פיער הענט ווי עס איז דער פאל דא . קורץ, די אידעע פון פאלעסטינא איז גראדע פון פראקטישע און דענקענדע מענשען גענרינגרעט, און זיי האבען צו האפען מיט רעכט אויף א בעסערע צוקונפט ווי מיר דא אין אמריקא. עס איז נאר א שאנדע פאר די אמעריקאנער אידען, אז זיי סימפאטיזירען ניט מיט דיזער אידעע, און זענען צופיעל אנפערטרויט אויף דער פרייער לאנד. אבער זיי מעגען זיין פערליעבט איבער די אויערען און אפפערען פאר איהר זייער נאציאנאליזמוס מיט זייער גאנצען צעטעל פון נביאים גבורים, פאעטען, מארטירער, דענקער, פילאזאפען, געזעץ געבער און נאך און נאך. פאלעסטינא ווערט בעזעצט אהן זייער הילפע. עס איז גאר קיין פולע אכט יאהר ניט פארלארען זייט מען האט גאר אנגעהויבען צו ריידען ווענען קאלאניעס, צעהלט שוין פאלעסטינא ביז 20 קאלאניעס און איינס גלענ־צענדער פאר דער צווייטער, די קאלאניסטען זענען די גליקליכסטע און גע־זינדסטע אידען אויף דער וועלט.

לעזט די בריעף פון עקרון, זכרון יעקב, ראש פינה, יהוד, און נאך, וועט איך טרערען פליסען פון פרייד. דער פארשריט וועלכע די קאלאניסטען מא־כען דארטען וועלען מיר אין אמעריקא קיין מאל ניט זוכה זיין צו זעהן, זייערע קינדער וואקסען העלדען, מען זעהט עס קען פון זיי אויסוואקסען מאקאבייער, די ארבעטער ציטערן פאר א קאלאניסט ווי פאר פייער, זיי לעבען יעצט גליקליך און ציטערען ניט ווי מיר פאר די צוקונפט, און ווען מיר דא שטעהען פון ווייטען און העלפען זיי ניט קענען זיי מיט רעכט אונז זאגען ווי מרכי, „רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר“ — הלואי זאל אויף אונז ניט מקוים ווערען דער אנדער העלפט פון פסוק...

# א היסטארישער צימעס

**(א קאפיטעל פון ווילנער פינקס).**

אזוי ווי די וועלט געשיכטע האט צו דערצעהלען גרויסע רעזולטאטען פון קליינע אורזאכען. ווי דורך די גענז פון רוים איז געוואונען געווארען א מלחמה .און נאך אזעלכע פיעלע פאסירונגען. אזוי האט אויך די אידישע היסטאריע צו דערצעהלען: צוליעב א האן מיט א הון איז חרוב געווארען טור מלכא צוליעב איין אקס פון א וואגען איז חרוב געווארען ביתר, צוליעב א סעודה פון א חתונה איז חרוב געווארען ירושלים און צוליעב א צימעס איז געווען א מחלוקה צווישען דעם ווילנער גאון און ר' שמעון מ"ץ. (ר' שמעון דער גרויסער) אין יענער צייט בערך תמפ"ה (1785). האט גאנץ ווילנא געקלונגען דערמיט.

אין יענע צייטען איז דער האנדעלס־קלאס געווען די ווייבער, וועה־רענד זייערע מאנען זענען געזעסען אין קלויז אדער צו הויז און געלערענט. די קראמען מיט זייערע טעכטער אדער געדונגענע קרעמערקעס. און דער מאן פלעגט נאר אייז מאל אין יאהר פאהרען נאך סחורה אין ווארשא אדער קינסבערג (קעניגסבערג), די איבעריגע צייט פלעגען זיי פארברייגנען אין לערנען אדער אין קהל'שע ענינים. ווינטער ווען דער טאג איז קורץ פלעגט מען פעררוקען טשאלענט אלע אויף דער נאכט, און בעגינען פלעגט מען אפ־ראווענען צו הויז און אפעסען דעם אנבייסען, די מאמע מיט דער טאכטער פלעגען אוועקגעהן אין קראם. די אינגלעך אין חדר. און דער מאן אין קלויז צום שיעור, אזוי איז געווען די טעגליכער פיהרונג.

ביי איינעם, א בעל הבית פון ווילנא, א קרוב פון ר' אליהו דעם ווילנער גאון האט געטראפען וועהרענד מען האט אפגעגעסען אין דער פריה ווינטער דעם ערשטען געריכט און מען האט געדארפט דערלאנגען צום טיש דאס צווייטע געריכט דעם צימעס, האט זיך געטראפען א שאלה. געוועהנליך האט מען דעם צימעס צוריק אריינגעשטעלט אין אויווען. די פרוי מיט די

**טעכטער זענען** אוועק אין קראם, און דער מאן אין קלויז, און א אינגעל וועל־
כער האט ביי זיי געדיענט אויף גאנגען, האט מען געשיקט פרעגען א שאלה
ביי דעם ווילנער מורה הוראה ר׳ שמעון מ״ז. דער אינגעל האט פארגעלייגט
די שאלה פאר ר׳ שמעון און ער האט געפסק׳נט „כשר". דער אינגעל איז
אבער ניט געגאנגען צוריק אהיים נאר ער איז ארויף צום גאון. און דארטען
זיצענדיג האט ער ביי׳ם גאון געפרעגט דעם דין פון אזא שאלה. דער גאון
ניט וויסענדיג אז ער האט שוין געפרעגט די שאלה ביי ר׳ שמעון׳ען. האט
אויסגעהערט די שאלה און האט געזאגט אז נאך זיין מיינונג איז עס טריף.

(מיר מוזען דערביי בעמערקען אז דער גאון איז ניט געווען קיין רב אין
ווילנא, נאר א בעל הבית ווי אלע. געזעסען און געלערנט, און ער האט ניט
געמיינט צו׳פסק׳ענען א שאלה, נאר אלס דער אינגעל האט אנגעפרעגט
דעם דין, האט ער געזאגט אז עס איז טריף).

דער אינגעל אבער איז געבליבען אין א פערלעגענהייט און האט ניט
געוואוסט וואס פאר איין ענטפער צו ברייגגען אהיים, ווייל דער גאון האט
געזאגט טריף, און ר׳ שמעון מ״ז האט גע׳פסק׳נט כשר.

ער איז צוריק אוועק צו ר׳ שמעון מ״ז, און האט איהם דערצעהלט אז
דער גאון האט געזאגט עס איז טריף, ר׳ שמעון האט זיך אפילו גוט אנגע־
בייזערט אויף דעם אינגעל ווארום ער האט געפרעגט צוויי מאל ביי בעזונ־
דערע רבנים די זעלבע שאלה, אבער דאך איז ער געבליבען אין א פערלעגענ־
הייט, ער האט נאך אמאל אויסגעפרעגט ביי דעם אינגעל די שאלה, און האט
ענדליך געזאגט צום אינגעל: געה ארויף צו ר׳ אליה׳ן און זאג איהם אז איך
האב געזאגט אז דער צימעס איז כשר.

דער אינגעל האט איבערגעגעבען די ווערטער צום גאון, דער גאון וויע־
דער אויספרעגענדיג אלע איינצעלהייטען וועגען דעם צימעס, האט געזאגט:
געה מיין זוהן צו ר׳ שמעון און זאג איהם אז איך האב געזאגט אז דער
צימעס איז טריף.

ר׳ שמעון איז זעהר אין כעס געווארען אויף דעם ענטפער פונ׳ם גאון.
האט ארויפגעכאפט אויף זיך די רעליע (אזא מאנטעל פון יענע צייט ביי
אידען) און גלייך ארויפגעלאפען צום גאון.

— איהר האט עס גע׳פסק׳ענט דעם צימעס טריף?

— יע, האט דער גאון געענטפערט.

— ווי אזוי?

דער גאון האט איהם גענומען בעווייזען פון וואנען ער נעהמט דאס

ארויס, צו פסקענען טריף. און ר׳ שמעון מ״ץ האט איהם ווידער צוריק געוויזען ווי אזוי ער פסק׳נט כשר.

דערווייל האט מען אנגעקלאפט אין שלחן אויף מנחה.

אלע האבען זיך געשטעלט מנחה דאווענען. נאך מנחה האט דער גאון געגעבען א וואונק צו ר׳ חיים׳לען (ר׳ חיים וואלאזינער) ער זאל זאגען דעם שיעור, און דער גאון מיט ר׳ שמעון מ״ץ האבען ווייטער דיספוטירט וועגען דעם צימעס.

דערווייל האט מען אנגעקלאפט אויף מעריב.

נאך מעריב איז צוגעגאנגען ר׳ שמעון מ״ץ צום גאון און האט געזאגט: אזוי ווי איך בין דער מארי דאתרי (דער רב פון שטאדט) הייס איך אז איהר ר׳ אליהו זאלט מיט מיר מיט געהן עסען דעם צימעס ווייל איך האב גע־פסק׳ענט כשר.

דא האט דער גאון ניט איבערגערעדט א ווארט, האט אנגעטהאן זיין דעליע און איז געגאנגען. מיט איהם זענען אויך מיטגעגאנגען זיינע תלמידים, ר׳ חיים וואלאזינער, ר׳ זעלמעלע, ר׳ סעדיה, ר׳ הירש, ר׳ אליהו, און נאך. און פון ר׳ שמעונ׳ס צד זענען געגאנגען ר׳ שמעון׳ס תלמידים די העכסטע יונגע לייט לומדים פון יענער צייט, און אלע זענען געגאנגען עסען דעם צימעס.

דער אינגעל איז אז א אטהעם פארלאפען א פריהער אין קראם אריין און אויסגעשריען: בעלהבית׳טע! דער גאון און ר׳ שמעון מ״ץ מיט אלע תלמידים פון ביידע צדדים קומען אלע צו אונז צו הויז.

די בעלהבית׳טע האט גלייך פערשלאסען די קראם, האט אוועקגעלייגט אויפ׳ן גרויסען טיש א קעזעלנעם גראבען טישטאך, אוועקגעשטעלט דעם סובאטניק מיט די דריי רעהרען מיט די דריי גרויסע שווארצע חלב׳נע ליכט (קיין סטארינאווע איז נאך דאמאלסט ניט געוועזן) און אין שטוב זענען אריין די געסט.

ר׳ שמעון מ״ץ האט זיך געזעצט אויבען אן, לעבען זיין זייט אלע זיינע תלמידים, און דער גאון איז ווינקעל אויבען אן, און פון זיין זייט אלע זיינע תלמידים, און די בעלהביתטע האט אוועק געשטעלט אויפ׳ן טיש דעם הייסען צימעס אין א גרויסע ליימענע שיסעל, און פעגאנדערגעלייגט פאר אלעמען הילצערנע לעפעל.

דא האט זיך דער גאון אפגערופען צו ר׳ שמעון־ען:

— איידער מיר געהען עסען דעם צימעס, וואלט איך אייך בעטען מיר גוט אויסצוהערען מיינע טענות ווארום איך האב גע׳פסק׳ענט טריף, און אזוי האט מען גענומען ווייטער דיספוטירען, און די תלמידים בעזונדער. דער צד

מיט דעם צווייטען ביז דער טומעל איז געווארען צו גרויס און ר׳ שמעון האט אויסגעשריען:

— וואס קומט ארויס פון אונזערע וויכוחים? איך בין דער מורה הוראה פון שטאדט, און איך הייס עסען דעם צימעס. און האט דערביי א קלאפ געטהאן אין טיש האסטיג.

עס איז פון קלאפ ארויסגעפאלען א גרויסע חלב׳נע ליכט פון סובאטניק גלייך אין הייסען צימעס.

באלד האבען זיך אלע אויפגעהויבען און אוועק געגאנגען...

ווילנא געדיינקט דעם פאקט ביז דעם היינטיגען טאג.

ניו־יארק, תרס״ה.

# הכנסת כלה*)

**לאחי המפורסם וכו׳ ה׳ יאפים נ״י.**

איך דיין שוועסטער יהודית קום יעצט צו דיר מיט מיין שרייבען בעטען רחמים דו זאָלסט מיטלייד האבען אויף דיין פלייש און בלוט. און אויס־העלפען מיר אויף חתונה צו מאכען מיין עלטערע מיידעל טרודא־ליובען זאל לעבען. וואס איז יעצט א כלה געווארען מיט א חתן פון ארץ ישראל. וואס אויב דו האסט זיך נאך ניט פערגעסען האט זיין אלטער פאטער וואס רופט זיך אז „שדי" מיט אינזער פאטער אברהם ע״ה געמאכט א קנין בשעת זיי זענען נאך געווען גאר קליינע אז זיי זאלען זיין חתן כלה. דערנאך ווידער בשעת זיי האבען זיך געהאדעוועט צוזאמען, האט מיין הארץ געקוואלען קוקענדיג ווי זיי האבען זיך געליעבט א קינדערשע א ריינע ליעבע, און האבען ממש ניט געקענט לעבען איינער אָן דעם אנדערען. — און אז מיין שלעכטע צייט האט מיטגעבראכט אז איך האב געמוזט מיט מיין געזינדעל פון דארט אפטרעטען און האב זיך פון יענער צייט אן אויסגעוואלגערט אין אלע עקען וועלט, פלעגט מיר שטענדיג אויף׳ן זינען קומען: אז גאט וואלט מיך אויס־געהאלפען וואלט איך זעהען דעם שידוך צו אויספיהרען פיר מיין טרודא־ליובען, — נאר פון ווינשען ביז דערגרייכען דעם וואונש איז א גאנץ ווייטער וועג. וואלט איך ווארטען ביז גאט וואלט מיר אליין העלפען, איך זאל ניט דארפען צו זיין לאסקע אנקומען, — נאר דו ווייסט דאך מיין ברודער! אז איך האב ניט לאנג געהאט אן אונגליק, מען איז דאך מיר בעפאלען אין מיטען העלען טאג. און מען האט מיר בעראבעוועט אהן רחמנות: מיינע קינדער האבען איצט ניט וואו א נאכט איבערצונעכטיגען און וואו אמאל אפצועסען. — איך וואלט קענען יעצט פאר מיין טרודא־ליובען געפינען אן ארט וואלט מיר א סך לייכטער געווארען. העלף מיר מיין ברודער כל זמן איך האב נאך עטוואס כח. דען די וואסער איז מיר שוין געקומען צום האלז!

*) נעשריבען נאך דעם גענבעט פון האשה מרת יהודית בת ר׳ אברהם העברי ז״ל.

ליבער ברודער! אויס אייניגע אורזאכען האב איך מיר גענומען די דרייסטיגקייט בעטען ביי דיר הילפע יעצט אין מיין העכסטע נויט:

ערשטענס, פשוט, ווייל דו ביזט מיין פלייש און בלוט, געבארען פון מיינע עלטערען, געהאדעוועט זיך מיט מיר צוזאמען און שלעכטעס איז אויף אונזביידען גלייך איבערגעגאנגען, אין גלייכע צרות ווערען אפילו צוויי פרעמדע מענשען אויך גוטע פריינד צווישען זיך, בפרט די צרות פון אונזער פאמילע איז גאר ניט גלייך צו לייטישע, — אונזער היסטאריע איז א גאנץ אלטע און א וואונדערבארע: יעדער בלעטעל פון איהר איז געשריבען מיט ימים טרערען און מיט טייכען בלוט, און מירביידע צוזאמען האבען עס אלעס איבערגעטראגען פאר דער שטיקעל ירושה וואס איז אונז געבליבען פון אונזערע עלטערען. נאר דא די לעצטע צייט ביזטו צו מיר געווארען אזוי פרעמד, פארשטעלט זיך אזוי פיעל פאר פרעמדע מענשען, אין גאס, אין גע־זעלשאפט, אין דיין הויזליכען לעבען, אז קיינער זאל דיך חלילה ניט חושד זיין אז דו ביזט דיין טאטענס א קינד: דערזעהסטו מיך אין גאס, בלאזטו זיך אז ווי א ענדיק און קערסט זיך אב פון מיר: דיין נאמען „יענקיל" האסטו פערביטען אויף „יאפים" און ווערסט שטארק אין כעס אז מען רופט דיך מיט דעם אידישען נאמען, און דיין שוועסטער מיט דיין פאמיליע ווייכסטו אויס און האסט זיי ווי די פעסט! — איך וואלט דיר ווען פרעגען מיין טייערער ברודער! וואס האבען דיר אונזערע אורעלטערען אזוי פיעל פער־שווארצט די אויגען וואס דו שעמסט זיך אזוי מיט זיי? אונזער לאנגער יחוס בריף פון מלכים, מוז דיר א פנים זיין צו קליין, אדער אפשר גאר איבעריג? דוכט מיר, אז זיי זענען געווען א סך געבילדעטער, קליגער, זיטליכער און נעראטענער פאר דיר — פונדעסטוועגען האבען זיי זיך מיט זייער משפחה ניט געשעהמט: — פארקעהרט: האבען אייביג געזארגט פאר זיי, און פיעלע האבען זייער לעבען געאפפערט פאר דער פאמיליע. א ראיה האסטו, אז די לייט צו ווענען דו חנפ'עסט זיך נעהמען צו פיעלע פון דיינע עלטערען פאר זייערע פעטערס, כאטש ווען זיי זאלען זיך וועלען גוט אויסרעכענען, זענען זיי קיין מאל זייערע פעטערס ניט געווען — און דו שעהמסט זיך מיט זיי?! נאר שעהם זיך היינט שעהם זיך מארגען, מעגסט זיך פערמאסקירען ווי פיעל דו ווילסט אליין, דערקענט מען דיך פארט אז דו ביזט א בן ישראל, אז דו האסט דא ניט לאנג בשעת דעם אומגליק געשטעלט איקאנעס אין די פענס־טער, האט מען דען חלילה דיר ניט דערקענט? מעהר ווי מיט דעם בארד און מיט דעם נאמען קענסטו קיין קונצען ניט מאכען, דעם בארד פערקירצען, דעם נאמען פערדרייען. וואס העלפט עס אבער? די אלע סימנים פון דיין

געזיכט צייגען ארויס דיין שטאם, דיין געבורט, דיין גאנצען יחוס אבות, און בעקומסט נאך לסוף א גרויסען פסק פאר די פאלשע מאסקע, פאר דיין אויספוצען זיך מיט פרעמדע פעדערען. — קעהר זיך אום מיין ברודער מיט דעם פנים צו דיין פאמיליע, הייב אן צו קוקען פריינדליך אויף דיין משפחה, נישקשה, מעגסט שטאלצירען מיט דיין יחוס, פערשטעה, אז בשעת לייטישע זיידעס זענען געלעגען אין די טיעפע וועלדער, געשפייזט זיך פון מענשענ־פלייש, האבען שוין דאמאלסט דיינע זיידעס אויסגערעכענט וויפיעל שטערען זענען אין הימעל, און געקלערט וועגען דעם איינציגען גאט — דאס אלעס ווען דו וועסט זיך דערמאנען, וועט געגוג זיין אויף צו וועקען דיין זינען פון די נארישע אסימילאטארישע פאנטאזיעס, צו דערוואַרעמען דיין הארץ מיט דיינע אלע געפיהלען צו דיין פאמיליע, צו דיין ארעמע שוועסטער, וועלכע געפינט זיך יעצט אין אזוי א קריטישער לאגע, און צו פערהעלפען איהר דעם איין מאל, פון וועלכען זי קען זיין דערמיט פערזארגט אויף אייביג מיט רוהיגקייט און מיט חיונה.

צווייטענס, איז מיר דער שידוך נוגע אין לעבען, אין דעם שידוך האט זיך אריינגעמישט דער בעריהמטער וועלט־חכם ר' בנימין ב"ר ישראל ע"ה*), ער האט חלילה ניט געמיינט צו פערדינען ביי מיר שדכנות, ווארום ער איז געוועזן א גביר גדול און א גרויסער תקיף ביי דער ענגלישער פריצטע, און איך בין אז אביונטע, א שלעפערקע, נאר פשוט, ווייל ער האט ניט געקענט צוזעהען מיין לעבען פון ווינד. מיין פערדינען דעם גראשען פון שאכר־מאכער מיין זוכען א קערענדעל אין די מיסט פון די פריצישע פערד, האט ער געוואלט פערזארגען מיין טרודא־ליובען מיט א כשרה, אן עהרליכע שטיקעל ברויט. ער האט אין איהר דערקענט אט די צוויי זאכען: אז זי וויל הארעווען קערפערליך, און אויך בילדען דעם גייסט, האט ער פאר איהר געפונען גלייך אט דעם שידוך: דאן וועט זי קענען זיין א געבילדעטע ערד ארבייטערין, און אין זיין בריוועלע וועלכען ער האט געשריבען, וואס ער האט ערקלעהרט אז דער שידוך איז גאר א טובה פאר דעם כלל. — נאר מיר האט ער צוגעזאגט אז איך וועל נאך קענען מיט דער צייט מיינע אלע קינדערלעך אהיין איבערלי־פערן, און אלע וועלען אי"ה האבען ברויט צוזאמ, און מיט רוהיגקייט דאס עסען. — אוי! ווען ער וואלט לעבען וואלט ער אלע זיינע קרעפטען אנווענ־דען, אז דער שידוך וואלט אויסגעפיהרט געווארען. אבער אז דער מזל געהט.

---

*) בנימין דיזראעלי (ביקאנספיעלד).

געהט דאך מיט אלעמען... דארף ער פלוצים אפשטארבען, און מיט איהם גלייך זענען אפגעשטארבען אלע מיינע האפנונגען. יעצט בין איך געבליבען אהן א קרוב, אהן א גואל, ניטא ווער עס זאל יעצט פאר מיר א גוט ווארט רעדען — און דא איז שוין מיין טרודא־ליובא א בתולה אין יאהרען, און זי דארף עס צוזעהן ווי א סך אינגערע מיידלעך פון איהר, ווי די „רומאנקע“ און די קינדער פון דער „באלקאנקע“ ווערען זיך כלות, און זי ניט: זיי זענען שוין פון פינף יאהר פאר זיך באלעבאסטעס. — און זי זיצט נאך אלץ א מויד און די זעלביגע „רומאנקע“ בלאזט זיך אנטקעגען מיין קינד און וויל איהר אפילו פאר קיין דיענסט ביי זיך ניט האלטען. אז אך און וועה און ווינד איז די מאמען אז זי דארף צוזעהן מיט איהרע אויגען אזעלכע צרות און קען איהר קינד ניט העלפען. העלף זשע דו מיין ברודער די א י י נ ע און מיט איהר וועסטו ראטעווען דיין שוועסטערס ג א נ צ ע געזינד פון אומגליק, פון פערוואגלונג. — נאר אויב דו ווילסט מיר ענטפערען מיט דיין געוועהנ־ליכען תירוץ, וועו מען קומט צו דיר בעטען אויף הכנסת כלה און דו זשא־לעוועסט פשוט דעם גולדען, זאגסטו אז דיר געפעלט דער שידוך ניט, בעט איך דיר זאלסט פריהער געבען דיין נדבה, און דערנאך זאגען דיין מיינונג. וועל איך כאטש וויסען אז דו מיינסט עס אהן א פניה, — אבער זאגען א מיינונג און קיין גראשען אויך ניט געבען ווען דיין שוועסטער געפינט זיך אין דעם גרעסטען נויטה, איז דאך אודאי אן עולה.

דריטענס, לעג איך די גאנצע לאסט אויף דיר ניט ארויף, אז דו זאלסט אי נדן געבען, אי די גארדעראבע מאכען, אי די חתונה פראווען. — מיינע קלענערע קינדער, וועלכע הארעווען נעביך מיט זייער שוויים, די א שניידער־רין, די א קרעמערין, די געהט מיט דעם קארב, די דינט נעביך גאר אין דער פרעמד, שפארען אב טעגליך פון זייער עסען, פון זייער גראשען צום ברויט און גיבען עס מיר אוועק אויף מיין טרודא־ליובענס בעדערפעניש, באופן אז איך בין שוין דערקראכען צו א קופערטעל מיט אביסעלע קליינינגקייטען ווי „ראשון לציון, פתח תקוה, עקרון, סאמארין, ראש פינה, יסוד המעלה“ און נאך דארטען דראביאזגעס פון מיין איבריגען דלות אהן דיין גאב. — אבער וואר־טענדיג אויף די גראשענס קען מיין טרודא־ליובא מיט צוואנציג יאהר עלטער ווערען, און דא איז די נויטה אם העכסטען, מיינע קלענערע קינדער זענען פון דחקות אזוי פיעל פערדארבען געווארען, אז מען רייסט זיך איינע מיט די אנדערע פאר א שטיקעל ברויט. עס איז רעכט איינער דעם אנדערען צו טהאן כל המעשים רעים שבעולם, אזוי ווייט, אז זיי האבען שוין בעקומען דעם נאמען ביי אנדערע פון מיינע שכנים פאר „רויבער“. כאטש די זעלביגע

וואס ריידען אויף זיי רויבען מעהר פון זיי, און פון ראסקאש, ניט פון נויט.
— אמת, אונזערער א קרוב „די רויטע וויוועסקע"*) האט מיר ניט לאנג
פערהאלפען אין אייניגע נויטיגע זאכען, אבער די בעדערפעניש פון א בתולה
איז גרויס, איך קען אהן דיין הילף ניט אויסקומען, עס מעג דיר אויך קאסטען
ביזט דאך פארט א לייבליכער ברודער!

פערטענס, איז א טעות וואס דו רעכענסט אז איך בעטעל ביי דיר א
נדבה, ווען דו זאלסט זיך וועלען אליין בערעכענען, קומט עס מיר מתורת
חוב. — פארגעס ניט אז פון דעם נאלאג פון מיינע פרייטאג־צונאכטיגע בענש־
ליכטלער האסט דו געשטודירט און געהאט סטיפענדיום מיט נאגראדעס, —
פערגעס זיך ניט אז פון מיינע הלואות וואס איך האב דיר אזוי פיעל פרא־
צענט אפגעצאהלט, ביזטו רייך געווארען. פון מיין פראצע האסטו גרויסע
מויערען, יעדער ציגעל איז פון מיר א שטיק פלייש ארויסגעריסען, און מיט
מייז בלוט און מארך איינגעקלעפט. און דו געהסט איין מאל אין א
שמיטה, געוואהר ווערען אין הקדש, אין דער תלמוד תורה,
אבער נאר כדי דו זאלסט א גוטען נאמען בעקומען, — אבער וואס עסען
מיינע קליינע קינדער אין תלמוד תורה? ווי געהען זיי? ווי שלאפען זיי?
ווער זענען זייערע מלמדים? ווי ווערען בעהאנדעלט מיינע קראנקע קינדער
אין הקדש? חיבוט הקבר קען דאך שווין ערגער ניט זיין! — אמת מען איז
זיי דארטען מקרב דעם יום המיתה, זיי זאלען מיט איינמאל פטור ווערען פון
אלע צרות, אגרויסער „יושר כח" דיר מיין בארמהערציגער ברודער! איך
בין נאר ניט אימשטאנד צו בעראנקען דיר פאר אלע דיינע חסדים וואס דו
טהוסט מיט מיר... איך, זינדיגע אידענע, ווייסט מעהר ניט, נאר דאס מיט
מיינע פוטער האסטו זיך ליעב אייביג צו שמירען אויף מיין ברויט, — אויב
דעם קלארען חשבון זאלסט דו מיט זיך אליין האבען, דוכט מיר אז די נדבה
קומט מיר יעצט בתורת חוב.

פינפטענס, גלויב איך איז דער יושר אז דורך וועמען א מענש ווערט
געקאלעטשעט, איז אויף יענעם חל צו פארזארגען א דאקטאר מיט רפואות.
דו מיין ברודער ביזט די אורזאכע פון מיין יעצטיגען אומגליק, דורך דיר
בין איך יעצט גע'הרג'ט געווארען! דו מיט דיינע טייערע פערד מיט דיין
בלישטצענדען פאיעטאן, מיט דיין ווייבס טויזענד רובעלדינע קליידער. דו

---

*) א וויוועסקע — רוסיש: מיינט א שילד.

*) די רויטע וויוועסקע מיינט — רויט־שילד (ראטשילד.)

קריכסט נאר אין די הויכע פענסטער, צו קניאזען, צו גראפען, אויף בעלער. אויף רעסורסען, אויף מאסקאראדען, אין טהעאטער, וואו איינער קומט גע־פינט ער דיך אויבען אַן, און געוועהנליך וואו די פענסטער איז העכער. איז נאך די קנאה גרעסער; וואס יענער איז רייכער, אדער מעהר מיוחס, קען ער אלץ מעהר ניט ליידען ווי א צווייטער וויל זיך צו איהם פערגלייכען. בפרט ווער איז דער צווייטער? עפעס א יענקעלע, וועלכער איז דא ניט לאנג געווען ביי דעם פוילישען פריץ א פאקטאר, דער פלעגט איהם רייסען פאר די פאות און ער פלעגט איהם דערפאר קושען אין האנט און זינגען „מה יפית“... ווי קומט ער צו טייערע פערד? ווי קומט זיין ווייב צו א ווינטער־דיגען אראנזשעריי (ווינטער גארטען); פון וואנען האט זיך דאס אלץ ביי איהם גענומען? אנדערע זענען באלד נאכגעגאנגען דעם זיידען המנ׳ס דרך, אז פאר כעס אויף א י י ן מרדכי, האט ער געוואלט א ל ע אידען איבער־פיהרען. באלד האט מען מיר אנגעטהאן אויפ׳ן הארצען די ברעטעל פון „עקספלואטאציע“ און געפיהרט מיר צום עשאפאט, מיר ניט דיר ניט, ווי דער שטייגער איז אויף דער וועלט אז מען לאזט אויס דעם כעס צו וועמען מען קען. — דיר מיין ברודער קען מען אין א פאגראם גאר ניט טהאן. דיינע טהירען און פענסטער זענען צו הויך. דיינע פאפירען ליגען אין קייזערליכען באנק, און אויב מען האט דיר שוין צובראכען א פארטעפיאן מיט א שפיגעל. וואס בעטרעפט עס ביי דיר? מיר אבער האבען זיי אין גאנצען בדלות גע־שטעלט, ווען מען האט מיין פערינקע ארויסגעלאזען די פעדערען, שלאף איך עד היום מיט מיינע קינדער אויף הוילע ברעטער, מ י י ן שטול מיט מיין ביינקעל אז מען האט מיר צעבראכען, איז דאס מיין גאנצער געוועזענער פערמעגען, — ווען דיינער א זוהן*) האט זיך געשטעלט מיט שטאלץ און מיט העזה געגען דעם פיהרער פון דער דייטשקע׳ס אימעניע**) האט יענער אויף מיר אויפגערייצט א וועלט. עס האבען זיך אויף מיר אויפגעהויבען גאנצע כאפטעס, אויסגעטראכט אויף מיר אלע פאלשע רייד, אפילו דעם פערשי־מעלטען בלבול פון קויפען פרעמדע קינדער אויך, — און דערווייל בין איך אלע ווייליע ניט זיכער מיט מיין לעבען, און נאר דיין לוקסוס מיט דיין זוהן׳ס שטאלץ האבען דערצו געבראכט! — ווי קומט דער אידעל, דער אייביגער שלעפער, צו זאגען א ברייטע דעה אין דער דייטשקעס קאנטאר? ! ווי לאנג

*) לאסקער.

**) ביסמארק.

